# פֿאַר דראַמקרײַזן

## איינאַקטערס און סצענירונגען

פֿון

**נ. צוקער**



פֿאַרלאַג
„דער קונדאַס"
בוענאָס איירעס, 1933

אויפגעפירט פון ה. ד. נאָמבערג שרייבער־פאריין אין ב. איירעס
1930־טן יאָר.

לויט פאלגנדיקער ראָלן פארטיילונג:

| | |
|---|---|
| שעף־רעדאַקטאָר — — — — — — | מ. שווארץ |
| פעליעטאָניסט — — — — — — | י. מילשטיין |
| מיטארבעטער — — — — — — — | מ. רעכעס |
| דער אַרטיסט — — — — — — — | ס. זאלאטניצקי |
| גרושה — — — — — — — — | פרל. פ. לאנדאן |
| אַ איד פון א גאנץ יאָר — — — — | ב. גיטיס |
| די שוויגער — — — — — — — | בן ארצי |
| דער זעצער — — — — — — — | ה. סאַגאַלאָווסקי |

האַנדלונג: אין אַ רעדאַקציע

(אַ רעדאַקציע־שטוב, רעכטס און לינקס קליינע טישלעך פאַר פעליע־טאַניסט און מיטאַרבעטער, אינדערמיט, אביסל טיפער, א גרויסער שרייב־טיש, פאַרלייגט מיט פאַפירן, פאַרן שעף־רעדאַקטאָר. רעכטס א טיר צום ארויסגאַנג, לינקס, א טיר אין א ווייטערדיקן חדר. טיף ביי דער וואַנט — א גרויסע שאפע).

# ערשטע סצענע

(ווען דער פאַרהאַנג הויבט זיך אויף, זיצן ביי די טישלעך רעכטס — מיטאַרבעטער, לינקס — דער פעליעטאַניסט).

רעדאַקטאָר: (שפּאַנט נערוועז ארום, שטעלט זיך אָפּ, ווי̇ל כאַפּן א־געדאַנק, עס גייט נישט, שפּאַנט ער נאָך נערוועזער, ווי ער וואָלט זיך געיאָגט נאָך א טעמע, פּלוצלינג דוכט זיך אים אז ער האָט שוין עפּעס, זעצט זיך אוועק, וויל זיך נעמען צום שרייבן, עס גייט נישט און ער שפּאַנט ווייטער, ביז זיינע בליקן באַגעגענען זיך מיט די בליקן פון די צוויי מיט־אַרבעטער).

וואָס קוקט איר ווי די קעלבער? זעט נאָר וואָס פאַר א אויגן זיי האָבן דאָס אויסגעגלאָצט!

מיטאַרבעטער: ווער קוקט? וועמענס דאגה איז עס?

פעליעטאַניסט: איך האָב דאָך נאָך נישט קיין שער־בעלעך אויף די אויגן!

רעדאַקטאָר: ווייל מען קוקט נישט אזוי! אזוי קוקן קענען נאָר חוצפּהניקעס, רשעים, וואָס פרייען זיך מיט יע־נעמס מאַטערניש!..

מיטאַרבעטער: ווער פרייט זיך, און וואָס פאַר א מאַטערניש? איך ארבעט דאָס מייניקע.

רעדאַקטאָר: אוואדע קענט איר ארבעטן דאָס אייעריקע!

פאַר אייך זאָרגן שוין די טראַמוויען, אויטאָס, באַנען, טאַשנציער, פּאָליציי און באַנדיטן, אַז איר זאָלט האָבן יעדן טאָג נייעס צי שרייבן! ווען איר שרייבט דריי הונדערט פופציק מאָל אין יאָר וועגן באַנדיטישע געשיכטן וואָס איינע איז ענלעך צו דער צווייטער ווי צוויי טראָפּן וואַסער, האָט קיינער צו אייך נישט קיין פּרעטענזיעס, ווייל אַזוי איז דאָס אַלטעגלעכע לעבן און אַזוי זיינען די אַלטעגלעכע נייעסן. נאָר א י ך בין מחויב יעדן טאָג צו בויען אַ נייע וועלט! אַרטיקלען! לייט־אַרטיקלען! און יעדן טאָג עפּעס נייעס! פונוואַנען זאָל איך נעמען אַזוי פיל נייס? און אַז עס מאַכט זיך אַמאָל אַ טאָג, וואָס די גאַנצע וועלט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שטילשטאַנד. איינגעשלאָפן די וועלט אויף 24 שעה, נישטאָ קיין פּאָגראָמען, אולטימאַטומס, קריגס־דערקלערונגען, דימיסיעס פון מיניסטאַרן, איינגעשלאָפן די וועלט און געגוגעט! טאָ וואָס זאָל מען איר טון? פאַרברענען? אונטערצינדן? מאַכן אַן ערד־ציטערניש, ברייגנען אַ מבול? אדרבא, זאָגט, ווי אַזוי מאַכט מען עס? איך בין איצט אויף אַלעם גרייט, אַבי צו האָבן אַ טעמע פאַר מיין היינטיקן לייט־אַרטיקל!..

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : און אפשר וואָלט איר טאַקע געשריבן אַן אַרטיקל וועגן דער איינגעשלאָפענער וועלט?

פּ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : איך האָב שוין אָנגעשריבן אַ פעליעטאָן אויף דער טעמע.

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : אַן אומגליק! נישט מער ווי אַן אומגליק. איך האָב שוין געהאַט אַ טעמע אַ גאָלד, נאָר ווי טייוואָלאָנים וואָלטן זיך אַריינגעמישט און מיר די טעמע אַרויסגעריסן פון מוח... (כאַפּט זיך ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאַנט) אַהאַ!..

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : דאָס בעסטע איז ביי אַזעלכע פאַלן...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (שלאָגט אים איבער) שווייגט! אָט האָב איך עס! יאָ, אויסגעצייכנט! אַ קאָפּ זאָל מען האָבן! אומזיסט מאַכט

מען נישט פאר רעדאקטאר! (זעצט זיך צום טיש וויל שרייב, עס הערט זיך א קלאפּן אין טיר).

פּ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : אריין!

## צווייטע סצענע

(עס קומט אריין א מענטש פון א יאר 30 אין א העל־געשטרייפטן אנצוג, א קליין קאפעליושל אויפן שפּיץ קאָפּ מיט א מאָדנע לאנגן קינסטלער־קראוואט מיט איין שלייף)

ארטיסט: (בוקט זיך טיף פאר דער רעדאַקציע, מאכט א מאָדנעם זשעסט, כאפּט זיך די האנט צום הארץ, מאכט א טראט נענטער צום טיש). ענדלעך בין איך דאָ! איצט, אָדער קיינמאל נישט!

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (דענערווירט) וואס פארלאנגט איר?

אַ ר ט י ס ט : אין אייערע הענט ליגט מיין גורל! איר זייט איצט מיין בית־דין של מעלה, אין אייערע הענט ליגט מיין צו־קונפט, מיין גליק אָדער אומגליק; מיין ז י י ן אָדער נ י ש ט זיין!...

איך בין אן ארטיסט! איך קאָן שפּילן יעדע ראָל; איך קאָן פּונקט אזוי שפּילן די ראָל פון א בלינדן זיידן, ווי פון א בייזן טאטן, אָדער ראָמאנטישן זון. און ווען איר ווילט, קאָן איך שפּילן אלס אינטריגאנט אָדער אפילו אלע ראָלן אינאיינעם.

נאָך ווען איך בין אלט געווען צוויי און א האלב יאָר, האָט מיין מאמע זיך גערימט מיט מיר אז איך בין א פענאָמען, א וואונדער־קינד, אז אין מיין וויינען איז פאראן עפּעס טראגישעס. אויסערגעוויינלעך שרעקלעכעס און צוזאם מיט די יאָרן איז אין מיר דער טראגישער געפיל מיטגעוואקסן און זיך אין מיר אנט־וויקלט.

— צו פינף און א האלב יאָר האָב איך שוין געקענט נאָכמאכן די העויות פון אלעמען אין מיין שטעטל און צו זיבן יאָר בין איך שוין געווען אן אויסגעצייכנטער בויך־רעדנער.

ר ע ד א ק ט אָ ר : גוט־גוט, אָבער וואס ווילט איר? דאָ איז דאָך א רעדאקציע און נישט קיין טעאטער-דירעקציע!..

אַ ר ט י ס ט : (מאַכט א רעוועראנס מיט קאָמישע זשעסטיקולאציעס).

— כאַפּט נישט. איך ווייס, אז איך בין אין רעדאקציע, איך בין עקסטרע אהער געקומען, א רעדאקציע דארף זיין דער אָפּיעקון אי־בער אלע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס און האָבן א קאָנטראָל איבער זייער טעטיקייט; אדרבא, זאגט, וואס טוט איר ווען א טעאטער־טרופּע פאַלט אינמיטן סעזאָן אוועק אויף דער גריפּע? וואס טוט איר, ווען די דריי הויפּט העלדן פון דער ניי אנאנסיר־טער פּיעסע, האָבן זיך א נאַכט פאר דער פּרעמיערע אנגעשנאָש־קעט און זיי לייגן זיך אוועק ווי אין הינער-פּלעט אויף גאנצע דריי וואָכן? האָט איר א סך בויך-רעדנער אין טעאטער? אויב מ'וויל נישט, דער טעאטער זאל האָבן א דורכפאל, מוז מען מיך אנגאַזשירן! איך בין א בויך־רעדנער און קען שפּילן עטלעכע ראָלן מיט אמאל! ווען איך בין אנגאַזשירט, מעג שוין די גאנצע טרופּע זיך אוועקלייגן אויף דער גריפּע אָדער אנשיכורן זיך וויפיל זייער הארץ גלוסט, ווייל א י ך וועל זיי שוין ארויסשלעפּן פון בלאָטע; איך קאָן אלעמען נאָכקאָפּירן די שטימען און אפילו די באוועגונ־גען; איך קאָן עס אייך באלד באווייזן: שטייט נאָר אויף אויף א מינוט. (כאַפּט דעם רעדאקטאר פארן קאָלנער, הויבט אים האכטיק ארויס פון שטול, זעצט זיך אוועק, טוט אז דעם רעדאקטארס ברילן און אימיטירט אים):

— „אָבער וואס ווילט איר? דאָ איז דאָך א רעדאקציע, און נישט קיין טעאטער־דירעקציע!..“

ר ע ד א ק ט אָ ר : (דערשראָקן, באַטאַפּט זיך צי האָט ער נאָך גאנצע זייטן, זוכט זיך וואו צו באהאלטן).

אַ ר ט י ס ט : נו, זעט איר, דאָס איז מיין קראַפט, מיין טאלאַנט און איך וויל, אז איר זאלט אָנהויבן אן אקציע, מען זאל מיך דאָ אנגאַזשירן פארן קומענדיקן סעזאָן... און טאָמער איז

דאָס נאָך ווייניק וואס איך האב געוויזן, טאָ זאלט איר וויסן אַז איך קען נאָך עפּעס; ביי מיר קענען אפילו די דעקאָראַציעס מיט־שפּילן! ווען די דעקאראציעס שטעלן פאָר א וואלד מיט חיות און עופות, קאָן איך נאָכמאכן אלעמענס קולות, איך קאָן ברומען ווי א לייב, בילן ווי אַ וואָלף, קרייען ווי א האָן און נאָכמאכן דאס געטלעכע געזאנג פון א העלפאנט... פּאַסט אויף...

(קוויטשעט מיט אלע קולות ווילד ארומטאַנצנדיק, ביז מיטאַרבעטער און פעליעטאָניסט טראגן אים קוים מיט צרות ארויס פון רעדאַקציע).

## דריטע סצענע

רעדאַקטאָר: (שפּאַנט ארום ווי משוגע, שלאגט זיך מיט די הענט אין קאָפּ) גוואַלט! איך וועל משוגע ווערן! דער מוח וועט זיך מיר שפּאַלטן! וואָס טוט מען?

## פערטע סצענע

זעצער: (קומט אריין אַן א רעקל מיט פארשווארצטע ארבל, רעדט שטאַמלענדיק): האָט איר שוין פּא-פּא־פּארטיק אייער ארטיקל?

רעדאַקטאָר: וואס איז אויף אייך אזא איילעניש? וואס ברענט עס עפּעס אזוי?

זעצער: דע־דע־דער ליניאָטיפּ שטייט, דע־דע־דער מאַשין־שליסער ווארט אויף מאַ-מא־מאטעריאל און עס איז דאַ־דאָ־דאָך שוין געווּג שפּעט!

רעדאַקטאָר: וואס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? איך בין דאָך נישט קיין מאַשין! וואס נאָר עפּעס, דערציילט מען מיר, דער ליניאָטיפּ שטייט, די מאַשין ווארט... זאָל אלעם שטיין און ווארטן; די מאַשינען וועלן זיך מיטן ווארטן, נישט אזוי פיל מוטשען ווי איך!...

זעצער: טאָ־טאָ-טאָ וואס זאָ-זאָל איך דערווייל זע־זע־זעצן?

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : זעצט אוים א שויב! זעצט אייך אוים די ציין! (האַלב ווילד) ל־אַ־אָ־אָזט מיך צו־רו!.. (כאַפּט זיך ביים קאָפּ און לויפט אום ווי משוגע).

ז ע צ ע ר : (פאַרוואונדערט און דערשראָקן, שנעל אָפּ).

## פינפטע סצענע

(אויפטריט פּעליעטאַניסט און מיטארבעטער זעצן זיך צוריק אויף זייערע פּלעצער).

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : אַן אַנשיקעניש, קוים זיינע פּטור געווארן... ער האָט אונז נאָך געוואַלט ווייזן ווי אזוי ער שפּילט דעם לעבעדיקן מת...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : לאָזט מיך איצט צורו מיט די לעבעדיקע מתים! איך בעט אייך, לאָז זיין שטיל! (שפּאַנט נערוועז, בלייבט שטיין, פאַרטראַכט זיך, ווייזט א פריידיקע מינע, מיט פרייד). ס'איז דאָ! ס'איז דאָ! א טעמע אַן אנטיק! א קאָפּ זאָל מען האָבן! אומזיסט מאַכט מען נישט פאַר רעדאַקטאַר!... (זעצט זיך צום טיש, הייבט אָן שרייבן).

פ ע ל י ע ט אַ נ י ס ט : (ווילט אויפשטיין און ווארפט אום א שטול).

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : גע־וואַ־לט גזלנים זיינען מיך באַפאַלן! איך בעט אייך, איך צאָל אייך קאַווע און גייט איצט אין קיבע־צאַרניע, קיבעצט זיך דאָרט, זידלט זיך, ממיתט זיך, נאָר מיך לאָזט צורו! איך מוטשע זיך, צי זעט איר דען נישט? איך מוטשע זיך שוין עטלעכע שעה... דער לינאָטיפּ שטייט, די מאַשין וואַרט, נאָר די מאַשין, (שלאָגט זיך אין קאָפּ) ד י מאַשין טאָר קיינמאָל נישט שטיין!.. זי דאַרף כסדר אַרבעטן, כסדר, אָן אָפּרו!..

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : דענערווירט אייך נישט... עס טרעפט, באַרואיקט אייך...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (נעמט אַרויס פון שרייבטיש א פּלעשל, טוט אַ

צוּפ, באַרואיקט זיך, זעצט זיך, נעמט די פעדער אין האַנט און וויל שוין שרייבן — — )

## זעקסטע סצענע

(עס רייסט זיך אריין מיט שטורם די גרישה)

גרישה: (א שווארץ געשטיפּלט ווייבל מיט א קאפּעליושל איבער די אויגן, מיט א קוויטשיק קולכל) איז דאָ די רעדאַקציע?

רעדאַקטאָר: וואס דארפט איר?

גרישה: ערשטנס, וואלט איר געמעגט זיין אביסל העפ־לעכער צו א פרוי, און מיך הייסן זעצן. איך בין מיד פון וועג.

רעדאַקטאָר: אנטשולדיקט; איר זייט דאך ערשט אריינ־געקומען; זעצט אייך. וואס האָט אייך אהער געפירט?

גרישה: אוּף, ווי הייס דאָ איז! וואס מיך האָט אהער גע־פירט? איר ווייסט עס אוודע בעסער פון מיר. ערשטנס, פארלאנג איך, איר זאלט ארויסווארפן דעם אַנאַנס פון מאָנטעווידעער גט־פאבריקאנט.

רעדאַקטאָר: (ווישט דעם שווייס) אנטשולדיקט, זייט מוחל, רעדט דארטן מיט זיי... דאס איז זייער עסק... זיי האָבן צייט דערויף; איך בין דער שעף־רעדאקטאר און האָב א סך וויכטיקערע ארבעטן...

גרישה: וועמען דערציילט איר א מעשה, פון וויכטיקערע ארבעטן? ביי מיר, איז דאָס דאָס וויכטיקסטע!

מיטארבעטער: זייט מוחל, חשובע פרוי, וועגן אַנאַנסן דארפט איר זיך ווענדן צו דער אדמיניסטראציע...

גרישה: וועמען דערציילט איר א מעשה? איך האָב שוין געהערט; די רעדאקציעס מיט די אנאַנסן־נעמערס זיינען איינס. זיי גייען האַנט ביי האַנט און מאַכן בשותפות אומגליקלעך א וועלט!..

מיטארבעטער: איר אנטשולדיקט, מיר פארשטייען אייך נישט, וואס ווילט איר אייגנטלעך?

גרישה: וואס איך וויל? גיט מיר צוריק מיין מאן! איר האט מיך אומגליקלעך געמאכט! ער האט געלייענט אייער אנאנס וועגן מאָנטעווידעער גמ־פאבריקאנט, איז ער פלוצלינג געווארן אזוי גוט צו מיר, נאר ווי צו א מכה צוצולייגן און זאגט מיר: — יענטעלע, ווייסט, מיר וועלן אביסל זיך אדורכפאָרן קיין מאָנטעווידעאָ; א וועלט פאָרט אהין אביסל פארברענגען, לאָמיר אויך וויסן פון א לעבן...

— וואָס זאָל איך וויסן? איך האָב זיך געפרייט פון זיין גוטסקייט און בין געפאָרן.

אין מאָנטעווידעאָ, זאָגט מיר דער סוואָלאָטש, אז אויב מען וויל גיין צום ים, מוז מען ארויסנעמען א דערלויבעניש, און ער פירט מיך אריין אין א ביורא, מען רעדט צו מיר שפּאניש, ער, דער סוואָלאָטש איבערזעצט עס מיר אויף אידיש, איך ענטפער און ער גיט עס איבער יענעם אויף שפּאניש, אזוי לאנג און אזוי ברייט, ביז מען גיט אונז א בויגן אונטערצושרייבן.

וואס זאָל איך וויסן? צום ים וואו מען באָדט זיך, ווילט זיך גיין, נעם איך און שרייב אונטער און איך האָב זיך גוט אריינגעבאָדן...

ער האָט דאָך מיך אָפּגעגנט דער מכשף! (צעוויינט זיך מיט הויך־קוויטשענדיקע קולות).

רעדאַקטאָר: (כאַפּט זיך ביים קאָפּ, באהערשט זיך, וויל זיך נעמען שרייבן).

מיטאַרבעטער: אָבער בארואיקט אייך, פרוי, וואָס זיינען מיר שולדיק? אדרבא, זאָגט, וואס קענען מיר טון פאר אייך?

גרישה: וואס איר זאלט טון? איר זאלט מיר צוריקקערן מיין סוואָלאָטש! מיין קאָרטנשפּילער! מיין מכשף! מיין אויסוואורף! דורך אייער אנאנס איז ער געפאלן אויף דער המצאה צו פאָרן מיט מיר קיין מאָנטעווידעאָ! דאָ אין בוענאס איירעס וואָלט ער מיך נישט געקענט אָפּגטן; דאָ, וואלט ער שוין ביי מיר די פּנים

אויסגעצויגן!.. איך וועל נישט אוועקגיין פון דאנען, ביז איר וועט מיר צוריקגעבן מיין מאן!

ר ע ד א ק ט אָ ר : (קאָן זיך מער נישט באהערשן) אָבער פרוי! וואס האָט איר זיך צוגעטשעפעט? וואס איר האָט דאָרט צו טון מיט אייער מאן, איז נישט אונזער עסק; גייט בעסער צום רב!..

ג ר י ש ה : א שיינעם דאנק פאר דער עצה. איך וועל אייך געבן א רב, וועט זיין חושך צו אייער קאפּאָטע! דעם מאן גיט מיר צוריק! דעם מאן! איך וועל אייך דאָ אלע דורסן!..

(נעמט רייסן אלעס וואס קומט איר אונטער די הענט, איבערהויפּט פון רע־דאקטארס טיש, מיטארבעטער און פעליעטאָניסט שטייען דערשראָקן און אומ־באהאלפן, רעדאקטאר ציט זיך אין טויט־שרעק צוריק ביז ער באהאלט זיך אין דער שאפע).

ג ר י ש ה : איך וועל אייך אָנלערנען! איך וועל אייך געבן לערן-געלט, פאר די אלע פרויען, וואס איר האָט אומגליקלעך גע־מאכט! איך וועל נאָך דאָ צוריקקומען, איר וועט מיך האָבן צו גע־דיינקען!..

(ליארמענדיק אָפּ).

## זיבעטע סצענע

מ י ט א ר ב ע ט ע ר : אָט־אָ דאָס איז ציימונגס־אַרבעט!

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : (קלויבט די פּאַפּירן פון דער ערד) איך וועל האָבן דערפון א טעמע אויף א פעליעטאָן...

מ י ט א ר ב ע ט ע ר : אייך איז וואויל. וואס עס זאל נישט זיין, וואס עס זאל נישט געשען, מאכט איר דערפון א פעליעטאָן...

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : אוי, ברודער!.. האָסט געזען דעם רעדאקטאָר? א יאָ ער שטייט היינט אויף דער שוועל פון משוגעת נעכטן האב א י ך זיך געפונען אין דער זעלבער סיטואציע. איך האָב געמיינט אז איך וועל משוגע ווערן! כאָטש הארגע זיך, האָב איך נישט געקענט צוטראכטן קיין טעמע...

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : כאַ־כאַ־כאַ! אויך מיר א זאָרג, א פע־ליעטאָן! האָט איר דאָך געקענט אויסנוצן פאר א טעמע מאקע דעם צושטאַנד אייערן! מאכט מען א פעליעטאָן וועגן א פעליעטאָניסט, וואָס מוטשעט זיך זוכנדיק א טעמע אויף א פעליעטאָן!..

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : אייך לאַכט זיך. איך האָב שוין אין די לעצטע זעקס חדשים אנגעשריבן דרייצן פעליעטאָנען אויף דער טעמע!

## אַכטע סצענע

(רעדאקטאר מאכט פאַרזיכטיק אויף די טיר פון שאפע, קוקט ארויס, ווען ער זעט אז די גרישה איז שוין נישטאָ; קריכט ער ארויס).

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : אָט אָ דאָס הייסט געווען אן אָנשיקעניש... נע! איך בעט אייך, זאָל זיין שטיל. איך האב אין דער שאפע גע־פאקט א שטיקל טעמע, דארף מען דערפון עפעס מאכן... (זעצט זיך) טאָמער קומט ווידער עמעץ, זאלט איר שוין אָפּפארטיקן... (גרייט זיך צום שרייבן).

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : איך בין שוין באלד פאַרטיק. איך וועל נאָר פארענדיקן...

## ניינטע סצענע

(אויפטריט זעצער).

ז ע צ ע ר : נו־נו, וואַ-וואַ־וואָס וועט זיין דער סוף? ווע-ווען מיר היינט ני־ני־נישט ארויסגעבן ס'בלאַט?

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : גוט געזאגט. כ'לעבן, גוט געזאגט: איך מעגט עס זאגן נאָכאמאל... אפשר וואלט איר געווען א בעלן זיך צו בייטן מיט מיין פלאץ?

ז ע צ ע ר : און איר האָט דעם פע־פע־פעליעטאָן אויך נאָך־נישט פא-פא־פארטיק?

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : באלד. איין מינוט נאָך דריי שורות דארף איך צושרייבן...

ז ע צ ע ר : פּר־פּון װא־װאַרטן מי־מי־מיט פּאַרליײגטע הענט װע־װעלן מיר קײן צײ־צײ־צײטונג נישט מאַכן...

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : אַז איר װילט, נעמט דערװײל אַ טײל פון מײנע מאַטעריאַלן. װעט איר אַמאָל אױסזעצן פריער די פּאָליציי נײעס מיט די טעלעגראַמען.

ז ע צ ע ר : האָט איר שװי־שװי־שװין די װיכטיקסטע נײ־נײ־נײעסן?

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : די טעלעגראַפישע ידיעות מוזן אַרײנגײן אין הײנטיקן נומער, אײדער אַן אַנדער צײטונג כאַפּט זײ אױס. הערט: (לײענט):

„די אינדישע פּרינצעסן צינדידװזע איז אױפגעשטאַנען פון שלאָף און געפונען נעבן זיך אױף דעם זײדענעם בעט־געװאַנט אַ גרױסע גיפטיקע שלאַנג. דורך אַ נס איז די פּרינצעסן צינדידװזע ניצול געװאָרן פון טױט.

ז ע צ ע ר : (נעמט צו) װאָ־װאָס נאָך האָט איר?

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : דער צװײטער טעלעגראַם איז פון טריעסט. אַ פרױ אין טריעסט האָט געהאַט אַ קינד מיט 7 קעפּ און דאָס קינד איז געזונט. פיר קעפּ זײנען מײדלשע, מיט געפלאָכטענע צעפּ און דרײ קעפּ זײנען יונגלשע, מיט באַקנבערד... די קימפּעטאָרן זױגט אַלײן דאָס קינד.

ז ע צ ע ר : (צופרידן) גיט אַהער. מע־מע־מער גאָרנישט?

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : דאָ האָט איר נאָך אַ טעלעגראַם: — בײ אַ פּאַרמער אין צפון אַמעריקע איז געבױרן געװאָרן אַ קעלבל, װאָס האָט באַלד אָנגעהױבן רײדן אַזױ װי אַ מענטש און זיך גע־הײסן דערלאַנגען עפּעס צו עסן...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (װעלכער איז די גאַנצע צײט אַרומגעגאַנגען װי משוגע, שטעלט זיך האַסטיק אָפּ): אָבער צװן אַלדי טױזנט בײנאַוננײנ־ציק שװאַרצע יאָר, װאָס פאַר אַ װאונדער איז דאָס? און אַז איר זײט געבױרן געװאָרן מענטשן און רעדט װי קעלבער!..

ז ע צ ע ר : איר מע-מע־מיעגט איר אביסל צו־צוצוריקהאלטן און צייצי־ציי־ציילן מיט די ווע-ווערטער: איך בין נישט אייער אינגעלע און עס איז גענוג צאַ־צאַ־צרות וואס איך מו־מוז זע־זעצן אייערע שר־שר־שרייבעכצן...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : אָבער מענטשן! האָט גאָט אין הארצן! דערבארמט אייך, לאָזט מיך במנוחה!..

ז ע צ ע ר : טאַ-טאָ וואס זי-זי־זידלט איר זיך? איר קאָ-קאָ־קאָנט נישט שרייבן, טאָ־טאָ זעצט זי־זיך אוועק און קלערט נאָך...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : גזלנים! רויבער! באנדיטן! לאָ־אָ־זט מיך צו־רו!

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : (שלעפּט אָפּ דעם זעצער, ביידע אָפּ).

## צענטע סצענע

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : (שוין אויך דענערווירט, שפּאנט ארום, רייבט זיך דעם שטערן און ווישט דעם שווייס) איך בין שוין אינגאנצן פארטשאדעט...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : ווען איך וועל צייט האָבן, וועל איך זיך זעצן וויינען אויף אייערע צרות...

(זעצט זיך צום טיש, כאַפּט א זוּפּ פון פּלעשל, וויל שרייבן).

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : (עס הערט זיך א קלאַפּ אין טיר) עס גייט שוין ווידער עמיץ...

## עלפטע סצענע

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : (מאכט אויף די טיר, עס באווייזט זיך א איד פון א גאנץ יאר, אין האנט א פּעקל איינגעבונדן אין א רויטער פאַטשיילע).

א י ד : (קוקט זיך אַרום) איז דאָ די רעדאקציע?

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : יאָ, וואס דארפט איר?

א י ד : איך דארף גאָרנישט. איך האב באדארפט, האב איך שוין באקומען די אמתע באדערפעניש...

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : רעדט קלאָרע דיבורים, דאָ איז א רעדאקציע, דאָ האָט מען נישט קיין צייט...

א י ד : רעדן איז רעדן... וואָס זאָל איך אייך זאָגן? עס איז דאָ ערגער ווי אין סדום! מאַ נאמר ומה נדבר? אז מען שמועסט ערגער ווי אין סדום!..

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (בייז) ר' איד! דאָ איז א רעדאקציע, דאָ דאַרף מען ארבעטן, מאכט עס בקיצור!

א י ד : בקיצור איז בקיצור. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך שוין 22 יאָר נאָך דער חתונה און זייט אכצן יאָר ליידט מיין אידענע אויף דער לעבער. קיין נגיד, ווי איר זעט, בין איך נישט; האָב איך געטראכט, לעבער איז לעבער... איז אָבער יענע וואָך צו איר לעבער־קרענק צוגעקומען א נייע צרה און איך האָב זי געמוזט שיקן אין שפּיטאָל אריין. אין גויאישן שפּיטאָל.

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : ר' איד! אויב איר ווילט מען זאָל אייך אויסהערן, מוזט איר עס מאכן שנעלער, זאגט בקיצור, וואָס ווילט איר פון אונז? וואָס האָט אייך געפּירט אין רעדאקציע?

א י ד : אז איך זאָג אייך סדום, מעגט איר לייגן א פּיטשאַט! קיינער האָט קיין צייט נישט!.. בקיצור, אין אידישן שפּיטאָל האָט מען זי נישט געוואָלט אויפנעמען ווייל זי איז קראנק אויף א טיפוס, ליגט זי אין גויאישן שפּיטאָל, און שטאַרבט דאָרט ממש פון הונ־גער. דאָרט זיינען עפּעס דאקטוירים? אנטיסעמיטן זיינען דאָס! אפילו דער אידישער דאקטער וואָס באהאנדלט זי דאָרט, איז אויך אָן אַנטיסעמיט! זי טאָר גאָרנישט עסן, זאָגט ער. דריי וואָכן דאַרף זי לעבן אויף הוילע טיי... געפעלט אייך אָן עסק? א י ר וואָלט אויך געוואָלט לעבן דריי וואָכן אויף הוילן טיי? מיר דוכט, אז נאָך צוויי וואָכן וואָלט מען שוין נאָך אייך קדיש געזאָגט און דאָ וואָלט שוין קיין רעדאקציע נישט געווען... — בין איך דאָך א מאַן ביז 120 יאָר, וועל איך דאָך נישט דערלאָזן צו אזא מין רציחה, האָב איך פאַר איר איינמאָל אריינגעשמוגלט א פושקע סאַרדינקעס. זי האָט

דאָס אפילו קיינמאָל נישט געגעסן, נאָר ווײס איך, א קראנקע, זאָל זי הנאה האבן... און נעכטן האב איך געקויפט א האלבן קילא ווורשט, די בעסטע ווורשט האָב איך מיר געהייסן געבן; ס'קאָסט צוויי מיט דרייסיק א קילאָ? מילא, זאָל זיין 2.30; ס'איז דאָך עפּעס פאר אַ קראַנקן...

(רעדאַקטאָר און פעליעטאָניסט זיינען שוין שטארק דענערווירט, פעליעטאָניסט שפּאַנט ארום און רעדאַקטאָר זופט כסדר פון פלעשל, בעת דער איד פּאַקט אויף דאס פּעקל און שלעפּט ארויס אַ לאַנגען ווורשט און טראָגט אים אונטער דעם רעדאַקטאָר אונטער דער נאָז).

א י ד : אנו, אדרבא, גיט נאָר א שמעק, זאגט איר אליין, צי מעג נישט אפילו דער פּרעזידענט עסן אזא ווורשט...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (שוימענדיג פון כעס) ר' איד! אָדער איר זאָגט וואָס איר דארפט פון אונז, אדער גייט אייך געזונטערהייט!...

א י ד : נאָר אָן כעס, בעט איך אייך... אייער מלאכה מיט דער פּען, איז אָן איידעלע מלאכה און כעס, קען אייך חלילה פארשאטן צום קאָפּ...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : אָבער איד וואס איר זייט! צי זעט איר דען נישט אז דאָ ארבעטן מענטשן? וואס האָט איר אייך גענומען אויף אונז? איר ווילט אונז דורכאוים פארמוטשען?

א י ד : (קוקט צום פעליעטאָניסט ווי זוכנדיק שוץ, נאָר זעענדיק יענעמס אנגעצונדענע בליקן שרייט ער אוים אין באליידיקטן כעס): סדום! איך האָב דאך באלד געזאגט: ערגער ווי סדום! א רעדאקציע זאָל נישט וועלן אויסהערן א אידן! וואו איז דאָס אזוינס דערהערט געוואָרן?..

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (ציטערנדיק פון כעס און ווייטיק) אָבער וואָס ווילט איר?

א י ד : וואס איך וויל? טאָ הערט: אַ יאָ די ווורשט איז מחיהדיק? נו, קומען די אנטיסעמיטן און לאָזן מיך נישט אריינ-נעמען די ווורשט אין שפּיטאָל אריין! וואו איז דאס דערהערט

געווארן אזאַ רציחה? אַ אידענע ליגט געפערלעך קראנק, זאָל מען
צו איר נישט צולאָזן עפּעס מיט וואָס זיך דאָס הארץ צו דערכאַפּן!..
זי וועט דאָך אויסגיין ווי אַ ליכט אין די גויאישע הענט און קיין האָן
וועט אפילו נישט אַ קריי טאָן!.. וואָס שווייגט איר? גזלנים! רוצחים!
איר דאַרפט דאָך אויפהויבן אַ יללה אז דער הימל זאָל זיך שפּאַלטן!
איך גיי מיט דער וואורשט אין שפּיטאָל, לאָזט מען מיך נישט
אריין, סיידן איך וועל אוועקגעבן די וואורשט דעם גהינום־שמש
וואָס שטייט ביי דער טיר! איר הערט אַ משל? אַ י ם זאָל איך
אוועקגעבן אזאַ וואורשט; מיין אידענע גייט אויס פון הונגער, און
איך וועל אים געבן אנצופרעסן!.. נעם איך דאָך שרייען סטייטש?
און טאַקע נאָך אַמאָל סטייטש? נאָר שריי היינט, שריי מאָרגן, אז
הידים ידי עשו, האָבן זיי מיך פון אַלע טרעפּ אראָפּגעוואָרפן...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : איך בין מסכים, אז זיי זיינען גערעכט
געוועז. אַ פרוי וואָס ליגט אויף אַ טיפוס, טאָר נישט עסן אפילו
קיין צעריבענע קאַרטאָפּליע, און קיין וואורשט אוואדע נישט...

אַ י ד : (אנטוישט) זייט איר דאָך נאָך ערגער פון זיי! אז איך
זאָג סדום, איז סדום! וואו גייט מען? וועמען רופט מען? וואָס טוט
מען? רבונו של עולם אין הימל!.. (פארבינדט דאָס פּעקל, גייט אָפּ, אין
טיר דרייט ער זיך צוריק אויס און שרייט אויס מיט נצחון:) — און איך
זאָג אייך, אז אייך אויף צו־פּיקעניש וועל איך נאָך די וואורשט
אריינברענגען אין שפּיטאָל... (אָפּ).

## צוועלפטע סצענע

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס פאַר אַ
גאָטס־שטראָף האָט זיך היינט אויסגעגאָסן אויף מיין אָרעמען קאָפּ?

פּ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : איך בין שוין איינגאנצן צעחושט...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (שפּאַנט אַרום, גיט אַ זופּ פון 'פעלעשל, צעשמייר
בלט זיך:) אַ קאָפּ זאָל מען האָבן! אומזיסט מאַכט מען נישט פאַר
רעדאַקטאָר! (זעצט זיך, וויל שרייבן:) אַ טעמע, אַ גאָלד.

## דרייצנטע סצענע

ז ע צ ע ר : (קומט אריין, נאָך אים — דער מיטאַרבעטער).

ז ע צ ע ר : אלזא, צו־צו־צום לעצטן מאָל. אויב איך האָב נישט דעם ליי-ליי-לייט־אַרטיקל, וועט די ציי־ציי־צייטונג אַרויס אָן אַ ליי-ליי-לייט־אַרטיקל...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : לאָזט מיך, איך בעט אייך, לאָזט מיך; איך גיי שוין שרייבן...

ז ע צ ע ר : איך דאַ-דאַ־דאַרף דאָך אָבער מאַ-מאַ־מאַטעריאַל! און איר האָט שוין דע־דעם פּע־פּע־פּעליעטאָן?

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : איך האָב אַ פּלאַן. אַזוי ווי איך בין פאַרקראָכן און קען דעם פעליעטאָן נישט פאַרענדיקן, וועט איר אויסזעצן הונדערט פּופציק שורות און אוועקשטעלן אַ פּונקט און פאַרטיק...

ז ע צ ע ר : ווי אַזוי ווע־ווע-וועט עס עפּעס זיי־זיין?

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : ס'וועט שוין גוט זיין. ווייס איך וואָס, מען וועט אַזוי אויך לייענען.

מ י ט אַ ר ב ע ט ע ר : איך וועל האָבן נייע טעלעגראַמען.

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (מוטשעט זיך, ווישט דעם שווייס, זופּט פון פלעשל, זויגט דעם פינגער, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסזויגן מאַטעריאַל פאַר זיין לייט־אַרטיקל, וויל שרייבן, נערוועז:) דערבאַרמט אייך איבער מיר... לאָז זיין שטיל... לאָזט מיך שרייבן...

(סצענע)

(רעדאַקטאָר שרייבט, מיטאַרבעטער שרייבט, פעליעטאָניסט גיט דעם זעצער באַשרייבענע בלעטלעך, עס רייסט זיך אַריין די שוויגער.)

## פערצנטע סצענע

ש ו י ג ע ר : (אַ צעיאַכמערטע, צעגווידערטע דיקע אידענע פאַלט צו צום רעדאַקטאָר) אַ צעשרייבעניש און אַ צוזעצעניש איז אויף אים געקומען! אַז אָנשרייבן זאָל מען דיר שוין אַן אורטייל צום זיצן אין טורמע, ליכטיקער גנעדן מיינער!..

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (צעמישט און דערשראָקן) אָבער שוויגער־לעב...
וואָס איז אזוינס געשען? לאָזט מיך נאָר אָנשרייבן מיין לייט־אר־
טיקל... עס גייט מיר אין לעבן...

ש ו י ג ע ר : וואָס זיצסטו? וואס ארטיקל? ס'ווייב דיינס,
מיין טאכטער גייט איצט אזוי שווער צו קינד און ער האָט זיך אינ־
זינען זיינע פוילע שרייבעכצן!.. שטיי שוין אויף! קום! ריר זיך!.. —
אָבער זעט נאָר, וואס איז?

ר ע ד אַ ק ט אָ ר : (אין חלשות).

ש ו י ג ע ר : ער איז דאָך טויט! ראטעוועט! גוואלט! מענ־
טשן! ראטעוועט!

(סצענע, עס לויפט צו דער מיטארבעטער, מונטערט דעם רעדאקטאר).

ז ע צ ע ר : און וואו־וואס וועט זיין מיטן לייט־לייט־לייט ארטיקל?

פ ע ל י ע ט אָ נ י ס ט : נישט געפערלעך. שניידט אויס אַ
לייט־ארטיקל פון א פאראיאריקער צייטונג און דרוקט עס אָפּ. קיי־
נער וועט זיך נישט כאַפּן, ווייל ד י ל יי ט ־ אַ ר ט י ק ל ע ן
א י ב ע ר וו ע ל כ ע ד י ר ע ד אַ ק ט אָ ר ן וו ע ר ן
ש י ע ר מ ש ו ג ע, וו ע ר ן ס יי וו י ס יי פ ו ן
ק יי נ ע ם נ י ש ט ג ע ל יי ע נ ט ...

שוו י ג ע ר : ראַטעוועט מיר מיין איידעם! ראַטעוועט מיר
דעם פאָטער פון מיינע קליינע אייניקלעך!..

(סומאַטאָכע, מען מונטערט דעם רעדאקטאר, ער מאכט אויף די אויגן און,
דערזעענדיק די שוויגער פאַלט ער צוריק אין חלשות).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

---

# אן עצה

אַקטואַליזירטע שפּאַס-פּאַראָדיע אין איין אַקט

אויפגעפירט צום ערשטן מאָל פון דראַמקרייז בײַם גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין 1931.

פ אַ ר ש ו י נ ע ן :

כלל-טוער — א פאַרייִנס-מענטש, ביי די 50 יאָר אַלט.

אַ גרינער — געצײַלטע וואָכן אין לאַנד, געקומען פון אַ קליין שטעטל.

ווען דער פאַרהאַנג הויבט זיך אויף, זיצט דער כלל־טוער אין סעקרעטאַריע פון אַ לאַנדסלייט פאַריין און בלעטערט אַ פּראָטאָקאָל־בוך.

(עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר, אויפטריט דער גרינער.)

כלל־טוער: (פאַרטיפט אין בוך, באַמערקט אים נישט).

גרינער: (בלייבט שטיין ביים טיר, ניט דרייסט, מאַכט זיך צו־רעכט דאָס אָפּגעטראָגענע אַנצוגל, טוט אויס דאָס קאַפּעליושל, טוט עס צוריק אָן, גיט אַ הוסט, גייט צו נענטער צום כלל־טוער, גיט אַ שטאַרקערן הוסט) הי—הים!..

כלל־טוער: (גיט זיך אַ צאַפּל).

גרינער: אַ גוטן אָוונט.

כלל־טוער: בויִנעס טאַרדעס. איר זוכט עמיצן? ס'איז איצט קיינער נישטאָ...

גרינער: שייך צו זאָגן, קיינער נישט... זענט איר דאָך דאָ! איר פאַרשטייט, אייך האָב איך טאַקע געזוכט... איר פאַרשטייט, עס מאַכט זיך אַמאָל...

כלל־טוער: איר וועט מיר דיסקולפּירן... איך האָב איצט אַ וויכטיקע אַרבעט... איך דאַרף איצט נאָכקוקן די פּראָטאָקאָלן.. אפשר ווייסט איר אין וועלכן פּראָטאָקאָל עס איז פּראָטאָקאָלירט געוואָרן דער פּראָטאָקאָל וועגן די פליכטן פון אַ פּראָטאָקאָליסט?..

גרינער: איך ווייס נישט... זייט מוחל... איך בין אַ גרי־נער, ערשט דריי וואָכן אין לאַנד... איך פאַרשטיי נאָך נישט קיין שפּאַניש... איך...

כלל־טוער: אויב אַזוי, וועט איר מיר דיסקולפּירן...

(פאַרטיפט זיך אין בוך).

גרינער: (דרייט זיך אומבאַהאָלפן, גיט אַ הוסט).

כ ל ל - ט ו ע ר : (פילט זיך געשטערט) איר זענט נאָך דאָ?

— אדרבא, איר מעגט דאָ זיין... נאָר אויב איר דארפט עפעס, מוזט איר אייך ווענדן צו דער קאָמיסיאָן דירעקטיווע.

ג ר י נ ע ר : גאָט איז מיט אייך! וואס טויג מיר א קאאפּעראַטיווע? איך דארף אַן עצה, דארף איך... און דאווקע פון א קלוגן מענטש, איר פארשטייט?..

כ ל ל - ט ו ע ר : טאָ וואס ווילט איר פון מיר?...

ג ר י נ ע ר : איך האב געהערט, אז איר זענט א איד א לייטישער, א היגער, איר קענט דאָ יעדן אויסגעבונדן, איר פארשטייט, און איך בין א גרינער, אָן א לשון, אָן א פאך, און נאָר איר קאָנט מיך ראטעווען! איר פארשטייט, איך שטיי אויף דער מיט וועג, אָדער אהין, אדער אהער...

כ ל ל - ט ו ע ר : איר וועט מיר דיסקולפּירן, יונגערמאַן...

ג ר י נ ע ר : וואס זאל איך אייך? אדרבא, זאגט וואס זאל איך טון? איך בין גרייט פאר אייך אלעס צו טון...

כ ל ל - ט ו ע ר : איך וויל איר זאלט מיר אנטשולדיקן און אויפהערן צו טשאַדען א מוח!..

ג ר י נ ע ר : זאלט איר מיר געזונט זיין! איך וויל אייך טשאַדען א מוח? עס קומט א מענטש פרעגן ביי אייך אן עצה, גיט איר אים אזא ברוך־הבא?... מילא, איז נישט, זייט מוחל, אויב איר האָט איצט קיין צייט נישט, גיי איך שוין אוועק... עס איז מיר כדאי געווען צו וויסן, ווי אזוי א איד א כלל-טוער נעמט אויף א מענטשן וואס קומט אים פרעגן אן עצה... (וויל גיין).

כ ל ל - ט ו ע ר : אנטשולדיקט, איר דארפט אייך נישט באַליידיקן... איר זעט דאָך, איך בין איצט שטארק פארנומען... נאָר פונדעסטוועגן, אויב איר דארפט דורכאויס מיין עצה, זעצט אייך, און מאכט עס שנעל.

ג ר י נ ע ר : (מאָכט זיך צורעכט ס'אנצוגל, גיט א הוסט, זעצט זיך):
איר פאַרשטייט, די מעשה פון דער געשיכטע איז אזא מין היסטאָריע...

ווי איר זעט, בין איך א גרינגער און איך האָב נאָך רעכט נישט אפּ־געטרייסלט דעם שטויב פון מיין שטעטל פּיפּידאָווקע. מילא, דער־ציילן אייך, וואָס איך בין געווען אינדערהיים, און ווער איך בין גע־ווען, איז איבעריק; נישט איר וועט מיר גלויבן און האָבן קאָן איך אויך גאָרנישט דערפון... נאָר אז עס רעדט זיך שוין, ווילט זיך זאָגן, אז אין פּיפּידאָווקע האָט מען מיך געהאַלטן פאַר דעם בעסטן בחור! אַלץ הייסט דער בעסטער! טאַקע דאָס בעסטע פונם בעסטן! וואָס האָב איך דען נישט געקאָנט? ווילט איר שרייבן איז שרייבן; ווילט איר לעזן, איז לעזן; ווילט איר רעכענען, איז רעכענען... דאָס הייסט, שרייבן און לעזן האָב איך טאַקע אזוי גוט נישט געקאָנט; ווייל פונוואַנען? און צו־וואָס? אזוי פיל האָט מען דאָס ביי אונז באַ־דאַרפט שרייבן?.. נאָר גאָרנישט, אַנדערע פון מיינס גלייכן, האָבן דאָס אויך נישט געקאָנט... אָבער דערפאַר רעכענען, דאָס זעט איך האָב איך שוין געוויזן אז מען קריגט נישט אזעלכע ווי איך צוויי פאַר א גראָשן... וואָס דאַרפט איר מער? ווען לייבטשע, אונזער ראש הקהל, האָט געוואָלט וויסן וועלכע טעג עס זיינען אויסגעפאַלן די פּסח־טעג פון צוריק מיט צען יאָר לויטן גויאישן לוח, איז ער טאַקע באַלד צו מיר געקומען. אמת, איך האָב עס נישט געוואוסט, נאָר ווער וואָלט דאָס יאָ בכח געווען אויסצורעכענען?...

כ ל ל ־ ט ו ע ר : איר האָט דוכט זיך געוואָלט אַן עצה פרעגן...

ג ר י נ ע ר : זייט מוחל, אוואַדע אַן עצה... אקעגן וואָס איז עס דען צו רייד געקומען? איר פאַרשטייט? דער בעסטער בחור אין שטעטל געווען. געווען אפילו צוויי רייכע בחורים וואָס זיינען געווען גרעסערע קניאַקערס פון מיר, נאָר זיי זיינען דאָך געווען רייכע, איר פאַרשטייט, ווער קאָן זיך גלייכן צו רייכע בחורים? אדרבא, זאָגט איר, איר זענט דאָך אַמאָל אוואַדע אויך געווען מיינס גלייכן... האָט איר זיך געקאָנט גלייכן צו לאה די שפּייז־קרעמערס בן־יחיד?..

(בעת דער גרינער רעדט, רירט ער אלעס וואס ליגט אויפן טיש).

כ ל ל - ט ו ע ר : יונגערמאן, איר האט, דוכט זיך, געוואלט פרעגן אן עצה?..

ג ר י נ ע ר : אט זעט איר, אביסעלע גערולד; די שיפן וועלן אייך דערווייל נישט אפגיין... איר פארשטייט? בקיצור, ס'האט זיך געמאכט אזוי, אז דער רוח האט מיך פארטראגן דא אהער, אין די ווייטע מדינות... ווי אזוי, וואס און ווען, איז איבעריק אייך צו דער־ציילן. עס איז געגנוג, ווען איך וועל אייך זאגן, אז נישט פון נחת ווענן בין איך דא אהער געקומען, כאטש אז מען וויל שמועסן אויף צו־ריק, האב איך אפשר נישט באדארפט פארן, ווייל טאקע אזוי, ווער האט מיך געטריבן צו פארן אהער? עס האט מיר דען חלילה גע־פעלט ברויט? כאטש, אז מען וויל, האט מיר טאקע יא געפעלט, נאר ווידער די אייגענע מעשה: און דא פעלט מיר נישט? איר הערט, הלואי האב איך עס ד א מיט אייך אינאיינעם, וואס איך האב געהאט דארט, ווי איך וואלט...

כ ל ל - ט ו ע ר : (שטארק דענערווירט) איר מוזט עס מאכן בקיצור, יונגערמאן, איר האט געוואלט פרעגן אן עצה, טא פרעגט, ווייל די צייט שטייט נישט...

ג ר י נ ע ר : האט נישט פאראיבל, אט בין איך טאקע שוין ביים שפיץ... איר פארשטייט, בין איך אהער געקומען אן א פאך, אן א שפראך, און אן געלט... דאס הייסט, געלט האב איך אינדער־היים אויך נישט געהאט, נאר איך האב כאטש געהאט א היים. דא האב איך, נישט קיין געלט און נישט קיין היים...

כ ל ל - ט ו ע ר : און ארבעט?

ג ר י נ ע ר : כאפט נישט, לאזט רעדן א ווארט... דאס איז עס דאך טאקע! נישטא קיין ארבעט, כאטש נעם און קוילע זיך... איך האב שוין געוואלט מיט דער נאז די ערד אקערן, און עס גייט נישט... איר פארשטייט? אלעס האב איך געפרואווט, נאר אויף אפצועסן אן אנבייסן איז נישטא... און אט בין איך שוין ביים סאמע

שפּיץ: הכּלל ווייסט איר שוין, אַז איך בין אויף געהאַקטע צרות; אייגנטלעך ווייס איך נישט פאַרוואָס מען זאָגט אויף געהאַקטע צרות... פאַרוואָס עפּעס געהאַקטע? און גאַנצע צרות זיינען שלעכט? עס מוז דאַווקע זיין געהאַקטע? איר פאַרשטייט? איך בין אויף גאַנצע צרות... און נישט אויף קליינע, נאָר טאַקע אויף גאַנצע. גרויסע צרות!..

כ ל ל ־ ט ו ע ר : איר...

ג ר י נ ע ר : נו, מילא, אַז איר ווילט דאַווקע אויף געהאַקטע צרות, וועל איך זיך מיט אייך נישט שפּאַרן; זאָל זיין אויף געהאַקטע צרות.. איז דאָך שלעכט אָבער טאַקע וואָס שלעכט הייסט, העלפט גאָט, אַז איך וואוין ביי אַן ענקאַרגאַדע, וואָס איז געבענטשט פון גאָט מיט גאַנצע פיר טעכטער, וואָס די יונגסטע איז שוין לאַנג ראוי לחופּה...

כ ל ל ־ ט ו ע ר : איר ווילט דאָך דוכט זיך, עפּעס פרעגן...

ג ר י נ ע ר : דאָס איז עס דאָך טאַקע; דער ענקאַרגאַדע האָט אונטערגעשיקט אַ שדכן און מען וויל מיך פאַרקנסן פאַר איינע פון די פיר טעכטער. וואָלט עס געווען אַ האַלבע צרה; וויל מען מיך אָבער פאַרקנסן פאַר דער עלטסטער!.. כאָטש, אַז איר ווילט וויסן געניו, געפעלט מיר די יונגסטע אויך נישט אַמבעסטן, זי איז מיר עפּעס צופיל יפי־פיה און איר פּנימל איז באַשיט מיט אַזוי פיל מעל, אַז מען וואָלט דערפון געקאָנט אויסבאַקן אַ פּורימדיקן קויל־עטש... נאָר מילא, אַ ברירה האָב איך? אַז דירה־געלט בין איך שולדיק און ווען נישט דאָס, וואָס דער ענקאַרגאַדע באָרגט מיר אָפּט אַ פּעזע, וואָלט איך זיך שוין דאָ דאָראָביעט צו ליגן אויפן גוטן אָרט... איז אָבער אַ צרה, וואָס זיי ווילן מיר אַריינרוקן די עלטסטע, וועלכע הויבט מיר נישט אָן צו געפעלן... דאָס הייסט ווען עס זיינען דאָרט נישט פאַראַן קיין יונגערע מיידלעך, וואָלט מיר אפשר די עלטערע אויך געפעלן, נאָר ווי זאָגט איר, — אַז עס איז דאָ זעמל־מעל, ווילט זיך נישט עסן קיין קלייען...

כ ל ל - ט ו ע ר : מאכט עס בקיצור...

ג ר י נ ע ר : דאס איז עס דאָך! מיין לאגע ווייסט איר שוין; אויסזיכטן אז עס זאל זיך בעסערן, זע איך נישט; און איר מוזט ווייסן, אז דער ענקארגאַדע, לויט ווי איך זע, איז א איד א נגיד, א גביר, און אז איר ווילט, איז ער א גרויסער גביר און געלט ביי אים איז בלאָטע... דאָס הייסט, קיין מילדער מחותן איז ער נישט, נאָר דאס איז דאָך טאַקע דער בעסטער סימן, אז ער איז א איד א גביר... און ווען איך ווער טאקע זיין איידעם, וואלט מיר שוין נישט גע־פעלט פון קיין פויגל מילך... ער וויל מיר עפענען א געשעפט, וועט עס גיין איז גוט... וועט עס נישט גיין, איז אויך גוט... איר פאַר־שטייט? א שמאַלץ-גרוב... איך וואלט נאָך געקאנט שטיצן מיין אַלטע קראַנקע מוטער וואס איז נעבעך דארט אין דער אלטער היים אויף גרויסע צרות..

כ ל ל - ט ו ע ר : אויב עס איז ווי איר זאגט, ווייס איך טאקע ניט, פארוואס איר זאלט נישט איינגיין אויפן שידוך...

ג ר י נ ע ר : ווי לייכט עס זאגט זיך אייך, איינגיין! פארוואס גיט איר נישט א טראכט, אז עפעס מוז דא זיין? וואס בין איך דאָס אים עפעס אזוי געפעלן?... אזא פארדינער בין איך? אזא שיינער פארשוין? אמת א בחור דארף נישט זיין שיין, און מיעס, ווי איר זעט, בין איך אויך ניט, נאָר קאן דען אזא רייכער איד ווי מיין ענקארגאדע נישט געפונען פאר זיין טאכטער עפּעס בעסערס פון מיר? א היגן בחור, א געשעפט־מענטש, איר פארשטייט?... טאָ מוז דאָך זיין, אז היגע בחורים קענען דאס מיידל צו גוט, און ער וויל זי מיר ארייננדרייען... און נאָך עפּעס, ווען איר זעט דאס מיידל, וואלט איר אליין געזאגט, אז זי איז נישט פאר מיר... קודם וויל זי נישט ריידן קיין אידיש ווארט; כאָטש גיט איר א קרענק, רעדט זי נאָר שפּאניש... קלערט איר דאָך אפשר, אז זי קען נישט ריידן קיין אידיש, איז אויב איר קלערט אזוי, האָט איר במחילה א טעות... אנומלט האָט זי זיך געריסן אויף די ציין, וואלט איר שוין געמענט

הערן, ווי אזוי זי האָט געקלאָגט אויף אידיש... און קלערט איר אפשר, אז בלויז ווען זי שרייט אויף די ציין רעדט זי אידיש? אויך א טעות, איר וואָלט געמעגט אמאל דאָרט זיין בעת זי צוקריגט זיך מיט די שוועסטער און זי הויבט זיי אָן שעלטן מיט ביטערע קללות... זאָגט מיר איך בעט אייך: איר זענט דאָך שוין עפּעס א היגער; צי זיינען אין דער שפּאַנישער שפּראַך נישט פאַראַנען קיין קללות? פאַרוואָס שעלטן זיי זיך אַלעמאָל אויף אידיש? איר הערט? זיי שעלטן זיך אין אזא ריינעם אידיש, גלייך ווי זיי וואָלטן ערשט נעכטן געקומען פון פּיפּידאָווקע!... און איצט, פרעג איך אייך, זאָל איך זיך גיין פאַרקנסן מיט א מיידל, וואָס רעדט נישט קיין וואָרט אידיש, נאָר בלויז ווען זי שרייט אויף די ציין אָדער ווען זי שעלט זיך?! איר האָט עפּעס ליב צו הערן ווי א מענטש שרייט אויף די ציין, אָדער ווי מען בייטלט אויס אַלע בייזע חלומות צו אייער קאָפּ?.. און עפּעס אנדערש וועל איך דאָך פון איר נישט קאָנען הערן, ווייל איך פאַרשטיי דאָך נישט קיין שפּאַניש, טאָ וואָס־זשע, האָט עס א זין צו נעמען א ווייב, מיט וועלכער מען זאָל נישט קאָנען רעדן קיין צוויי ווערטער, א חוץ אריינבראָקן זיך איינער דעם אנדערן אביסל קללות?..

כ ל ל ־ ט ו ע ר : אויב אזוי, זעט איר דאָך אליין, אז עס טויג נישט פאַר אייך, וואָס דאַרפט איר פרעגן עצות?..

ג ר י נ ע ר : ס'קאָצל קומט, א גאַסט! ס'טויג נישט... און שטאַרבן פון הונגער איז בעסער? איר מוזט דאָך אריינגיין אין מיין לאַגע, איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז איך האָב שוין דאָ געוואָלט מיט דער נאָז די ערד אַקערן און איך האָב נישט געקאָנט פאַרדינען אויף ברויט, און דאָ, וואָס אַרט מיך, אז זי קאָן נישט ריידן קיין אידיש? עס איז נאָך אפשר א מעלה וואָס זי רעדט נישט קיין אידיש, וועט זי נישט ריידן... און אז מען האָט גאָר חתונה מיט א שטומע?.. א ריידעוודיקע פרוי, מוזט איר וויסן, אז זי הויבט אָן רעדן, איז ווי א וואַסער-פאַל... עס הערט נישט אויף צו רוישן און קלאַפּן פון אינ־

דערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט און אַזוי, זי רעדט ניט און פּטור אָן עסק, האָב איך קאַפּ מנוחה און איך זיץ מיר ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן, עס און טרינק און לעב א טאָג, און פּרואוו מאַכן א געשעפט, גייט עס, איז גוט, אַלאַ נישט, איז אויך גוט... איר פאַרשטייט? און אַז גאָט העלפט איך באַקום א בריוו פון מיין מוטער, קאָן איך איר טאַקע אַרויסהעלפן מיט א ביסל געלט און אפשר וועל איך איר גאַר קאָנען שיקן א שיפסקאַרטע און זי אַריבערברענגען...

כ ל ל - ט ו ע ר : אויב איר זעט איין אַז איר קאָנט אייך פאַרבעסערן די לאַגע, און אפילו אַרויסהעלפן אייער אַלטער מוטער, וואָלט עס טאַקע געווען א גלייכע זאַך..

ג ר י נ ע ר : עס רעדט זיך נאָר אַזוי, א גלייכע זאַך... און ווי איז, אַז דאָס מיידל וועט זיך נאָך דער חתונה אַפּזוכן עפּעס א שפּאַנישן קאָמפּאַדרע און מיט אים ווערן חבר-לאַפּ? זי איז דאָך נישט שטום! און א פרוי אַז זי איז נאָר נישט שטום, מוז זי רעדן, נו, און אַז איך וועל זי נישט פאַרשטיין, וועט זי מוזן רעדן צו אַנדערע וואָס פאַרשטייען זי יאָ... איר וואָלט עפּעס הנאה געהאַט, ווען איר ווייסט, אַז אייער פרוי רעדט מיט אַלעמען שמייכלענדיק און ביי אייך שרייט זי בלויז אויף די ציין, אָדער זי באַשיט אייך מיט אַלע קללות פון דער תוכחה? און טאָמער קלערט איר, אַז זי שעמט זיך צו רעדן מיט א מענטש, מעגט איר אַמאָל קומען א קוק טון, וואָס פאַראַ אייגעלעך זי וואַרפט אויפן לעטשעראָ און אויפן פּאַנאַדעראָ... בליקן וואָס צינדן אָן... און נאָכאַלעם, וואָס טו איך, אַז נאָך דער חתונה ווייזט זיך אַרויס, אַז דער מחותן, דער ענקאַרגאַדע הייסט עס, איז א דבר אחר און ער זאָגן אַזוי, מיטן גראַבן וואָרט, אַזוי און אַזוי און ער וועט מיר געבן דעם דרך?.. ווייל קיין גוטער מענטש, מוזט איר וויסן, איז ער נישט און די טעכטער, אויב זיי קריגן זיך, איז עס דערפאַר, ווייל זיי האָבן אין וועמען אַריינצוגראָטן... איר פאַרשטייט... איך וועל אייך דערציילן...

(דורך דער גאנצער צייט פון דיאַלאָג, ווערט דער גרינער אַלץ מער דער־היצט, און רוקט זיך נענטער צום כלל־טוער, באַרירט אַלע זאַכן, ביז ענדלעך ער נעמט אים ביי דער לאַץ, און דערנאָך ביי א קנאָפּ, ביז ער רייסט אים אָפּ. ביז איצט האָט ער שוין ביים כלל־טוער אָפּגעריסן צוויי קנעפּ, דער כלל־טוער איז שוין שטאַרק דענערווירט, קנעפּלט צו די בלוזע מיטן לעצטן קנעפּל און רוקט זיך אָפּ פון גרינעם, דער גרינער נאָך אים, נעמט זיך צום לעצטן קנאָפּ).

כ ל ל - ט ו ע ר : לויט ווי איך זע איז עס טאַקע פאַר אייך נישט קיין שידוך. ניין, עס איז נישט פאַר אייך... נישט איר קאָנט שפּאַניש, נישט זי קאָן אידיש. ס'איז נישט פאַר אייך און געגוג...

ג ר י נ ע ר : אוואַדע איז עס נישט פאַר מיר... איך בין דאָך א רייכער בן־יחיד און זיץ אין טאַטנס וויינגאָרטן אין וואוילטאָג... עס איז נישט פאַר מיר... נאָר צו שטאַרבן דאָ אין דער פרעמד פאַר הונגער, איז יאָ פאַר מיר... זאָגט מיר, איך בעט אייך, פ אַ ר ו אָ ס איז זי נישט פאַר מיר?... אמת, די יונגסטע, וואָלט מיר בעסער גע־פעלן, אבער אז ס'איז נישטאָ קיין פיש, איז הערינג אויך א מאכל!.. וואָס, ניין? איך האָב דאָך דאָ קיינעם ניט און אזעלכע גליקן טרעפן זיך נישט יעדן טאָג, און דערצו, אויב איך באַשטיי ניט, מוז איך זיך אַרויסציען פון דאָרט און וואוהין וועל איך זיך אהינטון? אָן א סענט, אָן א דירה, וועט דאָך מיר באמת אויסקומען צו קראַפּירן ערגעץ אויף א פּלאַסע פאַר הונגער!..

כ ל ל - ט ו ע ר : אויב אזוי, אויב איר האָט מורא, אז איר וועט שטאַרבן פון הונגער, איז אוואַדע בעסער איר זאָלט זיך פאַרקנסן...

ג ר י נ ע ר : און די קללות זיינען ביי אייך גאָרנישט? און דאָס וואָס זי פרעסט דעם פּאַנאַדעראָ מיט די אויגן איז ביי אייך גאָרנישט?

כ ל ל - ט ו ע ר : טאָ פאַרקנסט אייך נישט!..

נ. צ ו ק ע ר, „פאַר דראַמקרייזן”, 3.

ג ר י נ ע ר : אָבער, איך בעט אייך זייער, פארטראכט אייך אויף א ווײַלע... (רייסט אים אָפּ דעם לעצטן קנאָפּ) און עסן און א דירה?..

כל ל - ט ו ע ר : (כאַפּט זיך, אז אַלע קנעפּ זיינען ביי אים שוין אָפּגעריסן און אז דאָס פראָטאָקאָל־בוך ליגט שוין א צוריסנס אין פּאַסן פאלט אריין אין א שרעקלעכן כעס, כאַפּט דעם גרינעם ביים גאַרגל, שטויסט אים צו דער טיר) ממזר! פארקנסן זאָלסטו דיך!.. פארקנסן זאלסטו דיך!..

( פ אָ ר ה אַ נ ג )

# דער רעצענזענט

## קיבעץ אין איין אַקט



צווייטע אויפלאַגע
פאַרלאַג
„דער קונדאַס“
בוענאָס איירעס 1933

## פ אַ ר ש ו י נ ע ן:

ד ע ר ר ע צ ע נ ז ע נ ט (32 יאָר אַלט).
ג ע נ י ו ם (פון 30 ביז 40 יאָר).
א ו י ט אָ ר (30 יאָר).
מ ח ב ר (21 יאָר).
אַ ק ט ר י ס ע (אומבאַשטימט).

אָ ר ט : דאָ אָדער דאָרט . . .
צ יי ט : פּעגנוואַרט.

(אַ קאַוואַליר־שטוב. אין דער טיף, לינקס, אַ פענסטער, רעכטס אַ וואַש־קאַסטן. צווישן פענסטער און וואַש־קאַסטן, הענגען אַף דער וואַנט פארשידענע בילדער און קאַריקאַטורן. פאַרנט־רעכטס, אַ שרייב־טיש, אַף וועלכן עס ליגן אַ חוץ ביכער און שרייב־געצייג, אויך אַ מאַניקור־גארניטור. לינקס, אַ סאָפע. אין דער מיט בינע — אַ טיש, אַף וועלכן עס ליגן אין אומאָרדנונג אַנגעוואָרפענע פּאַפּירן, ביכער און זשורנאַלן).

## ע ר ש ט ע  ס צ ע נ ע:

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (זיצט ביים טיש, דעם קאָפּ איינגעגראָבן אינם אַנגעוואָרפענעם באַרג פּאַפּירן, אזוי, אַז מען זעט נישט מער ווי זיינע פיס אונטער דעם טיש. עס הערט זיך אַ לייכט קלאַפּן אין טיר, וואָס אַמאָל שטאַרקער, ביז — עס קומט אריין ד ע ר  ג ע נ י ו ס).

ג ע נ י ו ס : (אַ לאַנגער, דאַרער פּאַרשוין, מיט העפּלעכע, נאָר קאָמישע זשעסטן, טראָגט אַ שווערן פּאַק מאַנוסקריפּטן אויפן אַקסל, בלייבט שטיין ביי דער טיר, קוקט זיך ארום און דערזעענדיק דעם רעצענזענטס פיס, גייט ער צו נענטער, לייגט דעם פּאַק מאַנוסקריפּטן אויפן טיש, מאַכט פּאַרבויגונגען, זעענדיק אָבער, אַז דער רעצענזענט רירט זיך נישט, גיט ער אַ פּאַמעלאַכן הוסט, פעסטער, שטאַרקער, ביז —)

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (שלעפּט ארוים דעם צושויבערטן קאָפּ פון די פּאַפּירן, באַטראַכט דעם געניוס מיט אַ דורכנעמנדיקן בליק און ווייזט אים באַפעלעריש אַף אַ שטול נעבן טיש).

ג ע נ י ו ס : גוטן אָוונט. (מאַכט טיפע פּאַרבויגונגען) מיין נאָמען איז יוסף פּיפּעלע. (זעצט זיך).

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (באַטראַכט דעם מאַנוסקריפּט) אַ ראָמאַן?

ג ע נ י ו ס : (פּאַרבויגט זיך) ניין. נישט קיין ראָמאַן. איך שרייב נישט קיין ראָמאַנען. ראָמאַנען זענען נאָך מ י י ן מיינונג שונד!

רעצענזענט: איר האָט דאָך נישט אָנגעשריבן אַ נייעם שטראָף־קאָדעקס! אייער מאַנוסקריפּט באַשטייט דאָך אפשר פון טויזנט בלאַט!...

געניוס: דאָס הייסט... קיין שטראָף־קאָדעקס איז עס נישט, נאָר... נאָר...

רעצענזענט: פון קריטישן שטאַנדפּונקט איז יעדער „נאָר“ איבעריק. איר קאָנט באַלד זאָגן וואָס איר האָט צו זאָגן און איר פאַרשפּאָרט דעם נאָר... איז עס זאַמלונג לידער?

געניוס: (געפּאַסט) אייגנטלעך קאָן איך עס אַזוי נישט אָנרופן, כאָטש עס געפינען זיך דאָ לידער אויך: (מיט זשעסט) דאָס איז... מיין אויטאָביאָגראַפיע!

רעצענזענט: וואָס קאָן מיך אינטערעסירן אייער אויטאָביאָגראַפיע? האָט איר שוין אַ סך געשאַפן פאַרן טעאַטער? איך מוז אייך זאָגן, אַז אייער נאָמען איז מיר אינגאַנצן פרעמד...

געניוס: דאָס הייסט... פאַר טעאַטער האָב איך דערווייל נאָך גאָרנישט געשאַפן; נאָר... נאָר...

רעצענזענט: (בייז) ווידער דער נאָר! ווען איר ווילט מיר נישט פאַרלעצן מיינע קריטישע געפילן, פאַרגעסט אַביסל דעם נאָר. ערקלערט מיר בעסער מיט וואָס איך קאָן אייך דינען.

געניוס: (געפּאַסט) טאַ הערט מיך אויס: (שטייט אויף, מיט זשעסט) איך פיל אין מיר געוואַלטיקע טאַלענטן! צייטנווייז שיינט זיך מיר, אַז די גאַנצע וועלט ליגט ביי מיר אין האַנט און מיט איין באַוועגונג, קאָן איך זי שליידערן אין אָפּגרונט!... איך בין... אַ געניוס! און איך בין זיכער, אַז איך קאָן אויפטון געוואַלטיקעס! נאָר...

רעצענזענט: (בייז) פּאַקטן! ווייזט מיר פּאַקטן!...

געניוס: (ווייזט מיט שטאָלץ אויפן מאַנוסקריפּט): אָט האָט איר פּאַקטן!

רעצענזענט: פון קריטישן שטאַנדפּונקט איז אַ פּאַקט,

אַז דאָס איז אַ פּאַק באַשריבן פּאַפּיר; ווילאַנג איר האָט נישט אייערם אַ זאַך אויפגעפירט אַף דער בינע, האָב איך מיט אייך נישט וואָס צו רעדן.

ג ע נ י ו ס : איר באַליידיקט מיין טאַלענט! מען האָט מיר געזאָגט, אַז איר זייט אַן אינטעליגענטער קריטיקער און איך האָב באַשלאָסן לטובת דער גאַנצער מענטשהייט מיך צו אייך צו ווענדן, לאָזט איר מיך איצט אַפילו נישט אויסרעדן?...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (ווישט דעם שוויים פון שטערן) טאָ זאָגט וואָס איר האָט צו זאָגן, ווייל די צייט איז ביי מיר טייער!

ג ע נ י ו ס : ווי געזאָגט, בין איך אַ געניום און באַזיץ אַ געוואַלטיקן שאַפונגס־גייסט. איז אָבער דאָס טרויעריקע, וואָס קיי־נער קען מיך נישט און ווען איך וועל שוין אַפילו אָנשרייבן עט־לעכע שרעקלעכע דראַמען און טראַגעדיעס, וועט זיי קיינער נישט וועלן לעזן... האָב איך צוליב דעם באַשלאָסן מיך צו אייך צו ווענדן מיט מיין אויטאָ־ביאָגראַפיע, איר זאָלט זי פאַרעפנטלעכן אין אייער זשורנאַל. (מיט זשעסט) מאַכט, אַז איך זאָל פּאָפּולער ווערן, און איר שענקט דער מענטשהייט אַ נייע נשמה! מאַכט מיין נאָמען באַ־קאַנט אין דער וועלט און איך וועל דאַן ווייזן וואָס איך קאָן!...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (שטייט אויף, באַטראַכט דעם געניוס פון קאָפּ ביז פיס) איר זייט משוגע!

ג ע נ י ו ס : זעט איר, ווען איך זאָל נישט זיין אַ געניוס, וואָלט איך זיך באַליידיקט. אין מיין כאַראַקטער פאַרנעמט אָבער די ק ו ל ט ו ר דעם ערשטן פּלאַץ און איך באַליידיק זיך נישט... איינס פרעג איך אייך אָבער: וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (דענערווירט). איך מיין פּשוט, אַז איר זייט משוגע! (שפּאַנט נערוועז ארום).

ג ע נ י ו ס : (מאַכט פאַרבויגונגען) נו, זעט איר, איר מיינט בלויז. אויף אייך קאָן איך דאָס זעלבע מיינען... — נאָר גענוג מיט

די וויצן, ווייל מיר האָבן איצט אַ הייליקע ארבעט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט !...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (אין כעס) איך גלויב, אַז איר ווילט נישט איך זאָל מיט אייך די טיר צוברעכן ? !

ג ע נ י ו ם : חלילה ! איך הייס אייך דען ? (נעמט אַ בלאַט פון מאַנוסקריפּט) הערט אייך בעסער צו, וועל איך אייך פאָרלייענען דאָס ערשטע קאַפּיטל פון מיין לעבנס־באַשרייבונג און איר וועט ערשט זען מיט וועמען איר רעדט... (דער רעצענזענט שפּאַנט נערוועז הין און צוריק, געניוס נאָך אים, מיט פאַרבויגונגען) אַלזאָ זאָל איך לעזן ?...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (בלייבט שטיין פעסט) אַרויס !

ג ע נ י ו ם : איר קלערט דאָך נישט מיך ארויסצוואַרפן ? איך גלויב, אַז עס דאַרף פאַר אייך זיין אַ כבוד מיך פאַר אייער גאַסט צו באַטראַכטן; מיט מיר וועט באַלד די וועלט קלינגען ! הערט מיך נאָר צו, דאָס ערשטע קאַפּיטל...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (פּאַקט אים ביים קאָלנער) אַרויס ! אַרויס ! (וואַרפט אים ארויס, נעמט פון טיש דעם שווערן מאַנוסקריפּט און וואַרפט אים נאָך) ארויס פון מיין שטוב מיט דיין זשעניאַלן ווערק !... (עס הערט זיך פון דרויסן דעם אויטאָרס קול).

א ו י ט אָ ר : (פון דרויסן) גאָט איז מיט אייך !...

צ ו ו י י ט ע ס צ ע נ ע :

א ו י ט אָ ר : (קומט אַריין באַהאַנגען מיט די בלעטער פון ארויס־געוואָרפענעם מאַנוסקריפּט, באַפרייט זיך פון זיי) אַ שיינעם ברוך הבא האָט איר מיר געגעבן !

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (העלפט אים זיך ברענגען אין אָרדנונג) פּאַרדאָן. ס'האָט מיך דאָ איינער אזוי גענומען אף דער נשמה, אַז איך האָב שיער די אַפּאָפּלעקסיע באַקומען. — זעצט אייך. (זעצן זיך) וואָס פאַר אַ גליקלעכער צופאַל האָט אייך געבראַכט צו מיר ?

א ו י ט אָ ר : צופאַל? איך האָב דאָך אייך געשריבן, אַז איך קום צו אייך!

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : אָ, ריכטיק. ר'האָט מיך אזוי צו־שרויפט, אַז — (רייבט זיך דעם שטערן) — נו, אַלזאָ, איר זייט זיכער געקומען אָפּרעכענען זיך מיט מיר פאַר דער קריטיק, וואָס איך האָב אייך געגעבן...

א ו י ט אָ ר : דאָס באַווייזט, אַז איר פילט ווי נישט גע־רעכט איר האָט קעגן מיר געהאנדלט. איך בעט אייך, פריינט רעצענזענט, נאָר אויפריכטיק: וואָס זייט איר אויסן געווען דער־מיט, צו שרייבן אַזוי שלעכט איבער דעם זעלבן ווערק, וועלכעס איר האָט פּ אַ ר דער אויפירונג אזוי באַוואונדערט? וואו האָט זיך צו אייך גענומען אַזאַ אומקאָנסעקווענץ?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : לעסינג האָט געענטפערט זיינעם אַ פריינט די ווערטער: — די זאַך שיינט גוט צו זיין, נאָר פריער וויל איך זי נישט קריטיקירן, ביז איך וועל זי זען אויפגעפירט אַף דער בינע...

א ו י ט אָ ר : נו, גוט. איר זייט דאָך אָבער גאָרנישט געווען אין טעאַטער! ווי אזוי האָט איר געשריבן קריטיק איבער אַ זאַך, וויבאַלד איר זייט אפילו ביי דער אויפירונג נישט גע־ווען?...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : לויט מיינע קריטישע אָנשויאונגען, דאַרף מען גאָרנישט זיין ביי דער אויפירונג. פאַר מיר איז גע־נוג, ווען איך פרעג ביים פּאָרטיער ווי דאָס שטיק האָט אויס־געזען אַף דער בינע און ווי דער עולם האָט עס אויפגענומען...

א ו י ט אָ ר : (אויפגערעגט) זייט איר אַ קריטיקער? ווי אזוי וואַגט איר צו זיין דער ריכטער איבער אַ דראַמע, ווען איר אורטיילט לויט די ווערטער פון אַן אומוויסנדן פּאָרטיער?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : זעט איר, איר דענערווירט אייך און באַליידיקט מיך גאַנץ אומזיסט... ווי קאַנט איר איבערהויפּט גלייבן,

אַז איך האָב געאורטיילט לויט די ווערטער פון פּאָרטיער ?

א ו י ט אָ ר : איר האָט דאָך אַליין אזוי געזאָגט !

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : איר האָט אַ טעות, ווען איך זאָל געווען אורטיילן לויט די ווערטער פון פּאָרטיער, וואָלט גראד מיין רעצענזיע איבער אייער דראַמע גאַנץ גוט אויסגעפאַלן; נאָר ווי איר אַליין זאָגט : דער פּאָרטיער איז דאָך אַן אומוויסנדער פּארשוין, האָב איך לויט מיינע קריטישע אָנשויאונגען פארשטאַנען, אַז ווי-באַלד ער האָט מיר געזאָגט, אַז אייער פּיעסע איז זער גוט אויס-געפאַלן און דאָס פּובליקום האָט אייך פון באַגייסטערונג אַזש זעקס מאָל אַרויסגערופן, האָב איך פארשטאַנען, אַז דאָס שטיק מוז גאָר-נישט ווערט זיין...

א ו י ט אָ ר : און דאָס הייסט ביי אייך ערלעך געהאנדלט ?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : איך האַנדל לויט מיינע קריטישע אָנ־שויאונגען. איבעריקנס, האָט איר צו מיר גאָרנישט מער ווי צו קריטיקירן מיין קריטיק ?

א ו י ט אָ ר : (שטייט אויף, שאַרף) ניין, צו אייך האָב איך מער גאָרנישט !... (שנעל אַפּ).

## ד ר י ט ע  ס צ ע נ ע :

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (קוקט אויפן זייגערל, כאַפּט איילנדיק אַ האַנ־טוך און הענגט עס ארום האַלז, נעמט דעם ראַזיר־אַפּאַראַט פון וואַש־קאַסטן און שטעלט אים אפן טיש, עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר, שטעלט ער שנעל צוריק דעם אַפּאַראַט אף זיין פריערדיקן פּלאַץ, הענגט אויף ס'האַנטוך) אריין !

מ ח ב ר : (אַ באַשיידענער יונגערמאַנטשיק בלייבט שטיין ביי דער טיר נישט דרייסט) גוטן־טאָג.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : זעצט אייך. מיט וואָס קאָן איך אייך דינען ?

מ ח ב ר : איך האָב אָנגעשריבן אַ זאַך און קלער זי לאָזן

דרוקן... גלויב איך, אז עס וואָלט גוט געווען, ווען איר דערמאָנט עפּעס דערפון אין אייער אויסגאַבע...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (קוקט אפּן זייגערל, נערוועז) וואָס איז עס? איר מוזט וויסן, אז ביי אַ קריטיקער איז די טייערסטע זיך די צייט: האָט איר עס מיט זיך? וואָס איז עס?

מ ח ב ר : (שלעפּט פון בוזעם אַ צונויפגעוויקלטן מאַנוסקריפּט) אָט דאָס איז מיין קליין ווערקל...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : לאָמיר הערן, נאָר שנעל.

מ ח ב ר : (שטייט אויף, מאַכט זיך באַקוועמער דעם קאַלנער, גיט אַ הוסט און זעצט זיך צוריק) קודם וועל איך אייך זאָגן אַ פּאָר ווערטער איבער דעם ווערק, איידער איך לעז עס. דאָס איז אַ ליבעס־פּאָעמע פון דער ניי־צייט, און מיין גאַנצן טעמפּעראַמענט האָב איך דערין אריינגעגעבן. וואָלט נאָר די אידישע שפּראַך אַביסל רייכער געווען אין ווערטער, וואָלט די פּאָעמע אַ מייסטערווערק געווען!...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : אָן הקדמות. ווי זאָגן די קריטיקער? זאָל דאָס ו ו ע ר ק דעם מייסטער לויבן!...

מ ח ב ר : (שטייט אויף, גיט אַ געשמאַקן הוסט, צעוויקלט דעם מאַנוסקריפּט, דעקלאַמירט):

ה י נ ט ע ר ד י ה ר י ־ ח ו ש ך

ליבעס־פּאָעמען פון דער ניי־צייט.

דאָרט ווייט אף אַ באַרג איז זי זיך געזעסן
אונטער אַ פאָנטאַן וואָס האָט ווי מיט ווייַרויך געשפּריצט.
און געשפּינט אַ שטאַרקע, איינזאַם, פאַרגעסן,
נישטאָ וואו צו שלאָפן, נישטאָ וואָס צו עסן,
האָט זי פון הונגער אירע שניי־ווייסע ציין געקריצט.
אַ שטראַל פון דער זון האָט פילאַנטעטיפאַל
אַראָפּגענידערט פון דער הימל־הויכקייט,
אַ שטראַל
וואָס האָט אירע האָר מיט פורפור־רויט באַפאַרבט.

און זי האָט אירע אויגן-לידער שטאַרק פאַרנאַרבט,
זי האָט דעמאָלט ווי אַ מלאך אויסגעקוקט,
און ווען איך האָב זי דעמאָלט אזוי דערבליקט,
האָב איך מיך פאַרכליובעט אין איר אַ געוואַלט
און איך האָב איר טויזנט לופט־קושן געשיקט,
נאָר קאַלט האָט זי זיי עמפפאַנגגען, אך, ווי קאַלט !...

רעצענזענט : (גענוצט).

מחבר : אָט אזוי איז זי געזעסן חשיבות'דיק
און איך 'נטן בין געשטאַנען עניוות'דיק,
אויסגעשטרעקט צו איר מיינע בעטנדע הענט :
— אָ, בת־מלכה ! שפּין פאַר מיר אַ געצעלט אויס,
ווייל מיין ליבע איז שרפה'דיק און זי ברענט !
לאָז מיין הייסן קאָפּ רוען אין דיין כשוף־שוים,
ווייל כ'בענג צו דיר, כ'גיי נאָך דיין שמייכל אויס !...

רעצענזענט : (שלאָפט איין).

מחבר : (וואָס ווייטער מיט מער באַגייסטערונג):
נאָר ווען דער הימל איז פאַרשטעלט געוואָרן
פון טריבע טראַכאָמענדיקע וואָלקנדלעך,
איז אין מיר אויפגעוואַכט אַ הייסער צאָרן
און מיט הידראָנאָלאָפישער שנעלקייט
בין איך פליאיש צו איר אהינגעפלויגן

(שפרינגט האַסטיק צו צום רעצענזענט)

און שוין געשטאַנען פאַר אירע קאַרש־אויגן...
ווילסטו, בת־מלכה, דער דונער און דער בליץ
זאָל צעשמעטערן דיך ? — איך נעם דיך מיט געוואַלט !

(פּאַקט דעם רעצענזענט אונטערן אָרעם)

גיב אהער דיין אָרעם, און איך פיר דיך אין וואַלד !...

(שלעפּט אים צו דער טיר).

רעצענזענט : (קומט צו זיך, רייסט זיך ארויס) אָבער אין

גאָטס ווילן! עפּעס איז דאָך דאָס אַ שרעקלעכע פּאָעמע!...

מ ח ב ר : (באַגייסטערט) נו? וואָס זאָגט איר? האָט איר געזען וויפיל באַוועגלעכער טעמפּעראַמענט עס געפינט זיך אין דער פּאָעמע?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (האַלט זיך ביי די זייטן) נישט געזען, געפילט האָב איך... (זעצט זיך צוריק, מחבר הוסט זיך אויס צעוויקלט נאָכאַמאָל דעם סקריפּט).

מ ח ב ר : נו, איצט פּאַסט אויף, ווייל ס'קומט דאָס שענסטע, דאָס שרעקלעכסטע...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (כאַפּט ביי אים אַרויס דעם מאַנוסקריפּט) ניין, ניין, איך וועל שוין אַליין לעזן, ווייל ס'קאָן נאָך זיין צו שרעקלעך!

מ ח ב ר : וועט איר קאָנען מיין שריפט לעזן?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : וועלן מיר זען... (קוקט אַדורך די פּאָעמע. דער מחבר באַטראַכט יעדע מינע זיינע און ביי יעדער ענדערונג אויפן רעצענזענטס פּנים, הויבט עס אים פון אָרט). וואָס האָט איר דאָ אָנגעשמירט?

מ ח ב ר : (דערשראָקן) וואָס הייסט?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (שטייט אויף, נערוועז) דאָס הייסט, אַז איר קאָנט גיכער זיין אַ שוסטער, ווי אַ פּאָעט!

מ ח ב ר : ווי זאָל איך דאָס פּאַרשטיין? איר ווילט דאָך נישט מיין טאַלאַנט פּאַרלייקענען!...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : אָבער מענטשן־קינד, וואָס האָט איר דאָ אָנגעשריבן? וואָס באַטייט דאָס וואָרט פּ י ל אַ נ ט ע ט י פּ אַ ל? דערנאָך פּ אַ ר נ אַ ר ב ט, ' נ ט ן, ט ר אַ כ אָ מ ע נ ד י ק ע, וואָס פּאַרא ווערטער זענען דאָס?

מ ח ב ר : זעט איר, אַז איר פּאַרשטייט נישט די נייע ריכטונגען אין פּאָעזיע; אַז איר ווייסט נישט, דאָס דער חוב פון יעדן אידישן שרייבער איז, דאָס ערשטע די שפּראַך צו באַרייכערן...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : אָבער דולט מיר נישט קיין קאָפּ מיט די־

גייע ריכטונגען; עס איז דאָך נאָר אַ שאַד, וואָס איר פאַרברענגט די צייט מיט שרייבן זאַכן, וועלכע קיינער וועט נישט פאַרשטיין !...

מ ח ב ר : האָב איך, הייסט עס, פון אייך גאָרנישט צו דער-וואַרטן ?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : קיין גוטס געווים נישט.

מ ח ב ר : (אַפּהענגטיק) מיין שוועסטער האָט מיר געזאָגט... אַז איר וועט מיר זיכער אַ טובֿה טון...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (באַטראַכט אים) אייער שוועסטער ? ווער איז דען אייער שוועסטער ?

מ ח ב ר : מינדל... מינע, וויל איך זאָגן. זי האָט מיר גע-זאָגט, אַז זי האָט שוין מיט אייך גערעדט דעריבער...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (אויפגעלעבט) פאַרוואָס האָט איר עס מיר באַלד נישט געזאָגט ? זעצט אייך. איר רויכערט ? (זעצן זיך, פאַרוי-כערן ציגאַרעטן) איצט לאָמיר רעדן ווי ס'דאַרף צו זיין. (קוקט אויפן זייגערל) אָ, ס'איז שוין שפּעט; איך דערוואַרט נאָך היינט באַזוך... — איך וועל שוין די זאַך איבעררעדן מיט אייער שוועסטער...

מ ח ב ר : זאָל איך אייך איבערלאָזן דעם מאַנוסקריפּט ?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : צו וואָס ? איך האָב שוין געזען, אַז די פּאָעמע איז אויסגעצייכנט, די פּאָעזי — פּראַכטיק ! איך וויל אייך נאָר בעטן, איר זאָלט מיר געבן צו פאַרשטיין דאָס ביסל פרעמד-ווערטער...

מ ח ב ר : (צעוויקלט דעם סקריפּט) זעט איר : די אידישע שפּראַך איז אַזוי אָרים, אַז אַ סך קאָן מען זיך אין איר נישט אויס-דריקן. אָט, למשל : — אַ שטראַל פון דער זון האָט פּילאַנטעטיפּאַל אַראָפּגענידערט". פּ י ל אַ נ ט ע ט י פּ אַ ל... פּילאַנטעטיפּאַל איז אַ וואָרט, וואָס קלינגט שיין אנשטאט די דייטשמערישע ווער-טער : גראַציעז, אָדער פּילאַנטראָפּיש... פּילאַנטעטיפּאַל... אויך צום ריטמוס פּאַסט עס צו, און עס וועט זיין אַ שיין אידיש וואָרט... דאַן : „זי האָט אירע אויגן-לידער שטאַרק פאַרנאַרבט..." — וואָס

איז אַ נאַרבע? — אַ העפּט, וואָס בלייבט נאָך אַ פּאַרנייטער וואונד. נו, ווען די זון פּאַרבלענדט די אויגן, מאַכט מען זיי צו און זיי זען אוים ווי נאַרבן; ביי מיר איז עס אָנגעטאָקט: קורץ געפּאַסט, שטאַרק פּאַרנאַרבט!...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (פאַר זיך) שטאַרק פּאַרנאַרט...

מ ח ב ר : איצט, „טראַכאָמענדיקע וואָלקנדלעך...“ נו? שלעכט אויסגעדריקט? האָט איר שוין געזען אויגן מיט טראַכאָם? איז אַז איך וויל מאָלן די וואָלקן אין די טריבסטע פּאַרבן, — און ביי פּאָעזי קאָן מען זיך מיט אַ ס ך ווערטער נישט באַנוצן — שרייב איך „ט ר אַ כ אָ מ ע נ ד י ק ע ווָ אָ ל ק נ ד ל ע ך“, און יעדער פּאַרשטייט פון איין וואָרט אַ סך... און דאָס אַלץ זענען שיינע קלינגענדיקע ווערטער פאַר דער אָרימער אידישער שפּראַך...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (קוקט אויפן זייגערל, שטייט אויף) שוין גוט, דער אידישער לעזער וועט זיך האָפנטלעך אויסקענען אויף אַ ז אַ אַ ר ב ע ט. דערווייל פאַרנעמט מיין הארציקסטן דאַנק. איר האָט באַרייכערט די אידישע פּאָעזי מיט אַ סך נייע פּערל, און איך פאַר־זיכער אייך, מיין קריטיק וועט אייער אַרבעט שיין באַלוינען...

מ ח ב ר : איך דאַנק... איך דאַנק... — און ווען וועט איר עפּעס דערמאָנען דערפון?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : הם... יאָ. זאָגט אייער שוועסטער, אַז איך וואַרט אויף איר מאָרגן דריי אַזייגער נאָכמיטיק; און וועגן דעם נאָטיץ, זייט אומבאַזאָרגט. אין עטלעכע טעג ארום וועט איר זי לעזן.

מ ח ב ר : (גיט אים די האַנט) אַ דאַנק. האָט מיר אַ גוטן...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (דריקט אים וואַרם די האַנט און באַגלייט אים ביז צו דער טיר) אַ גוטן, אַ גוטן... וועט איר געדענקען צו זאָגן אייער שוועסטער? מאָרגן מ'דרייע... אַלזאָ נאָר מוט און ווייטער שרייבן. און דער ערפאָלג וועט שוין קומען!...

מ ח ב ר : (אָפּ).

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : זעצט זיך צום טיש, צופרידן, קוקט אויפֿן זייגערל, כאַפּט שנעל דאָס האַנטוך און בינדט עס אַרום האַלז, נעמט דעם ראַזיר־אַפּאַראַט, ווי פֿריער, און מאַכנדיק די פּיאַנע פּונם זייף, זינגט ער ווי פֿאַר זיך)

האָב איך אַ פּאָר אָקסן, אָקסן,
וואָס זיי בראָקן לאָקשן, לאָקשן,
אוי וואונדער איבער וואונדער,
ווי די אָקסן בראָקן לאָקשן!
דאָס איז מיר אַ וואונדער!...

(זייפֿט זיך אָן ס׳פּנים, ברומט שטיל אַ לידל, עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר און ווי פֿאַרגעסנדיק זיך, רופֿט ער אויס) אַריין!

## פֿינפֿטע סצענע)

אַ ק ט ר י ס ע : (באַווייזט זיך אין טיר) פּאַרדאָן! (אָפּ) כ׳וועל דאָ צוואַרטן.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (וועלכער האָט זיך, אַן איבעראַשטער פֿון באַזוך, באַרשטעלט ס׳פּנים מיטן האַנטוך, וואַשט זיך שנעל אַרום, קעמט גלייך די האָר, אַ גלאַנץ דורך די פֿינגער־נעגל מיטן מאַניקור, שטעלט צוריק דעם ראַזיר־אַפּאַראַט, מאַכט אויף זיך צורעכט דעם אָנצוג און לויפֿט אָפּ) פּאַרדאָן! (קומט צוריק, אַריינפֿירנדיק די אַקטריסע).

אַ ק ט ר י ס ע : (קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן, האַלט זיך דרייסט, רעדט שנעל) אַזוי האָט איר מיך אָפּגעוואַרט? און איך האָב גע־קלערט, אַז דער רעצענזענט וועט אויף מיר מיט דער גרעסטער אומ־געדולד וואַרטן און מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס וועט ער מיר אַקעגנלויפֿן און מיך אַנטשולדיקונג בעטן פֿאַר דער שלעכטער רע־צענזיע, וואָס ער האָט מיר פֿאַר אַ יאָר געגעבן... אָ, וואָס פֿאַר אַ שלעכטע מענטשן איר זייט, איר רעצענזענטן!...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (פֿאַרלעגן) נו, נו, זעצט אייך...

אַ ק ט ר י ס ע : (גייט דרייסט אַרום, באַרירט אַלעס) אָ, אַ מאַ־

ניקור! אויסגעצייכנט! הײנט נישט געקומען, די שעלמע... (פײלט זיך די נעגל) נו? איר ווילט אייך נישט אנטשולדיקן? כא-כא! איר זייט אפשר אויף מיר בייז? (לעגט אריבער איר קאפ איבער זיין אקסל, קאקעט) איר וועט מיר הײנט אויך געבן א שלעכטע קריטיק? א, איר שלעכטער מענטש!...

רעצענזענט: (געפאסט) אז איר וועט גוט שפילן, אז איר וועט זיין אויסגעהאלטן אין דעם כאראקטער אלס יאפאנישע פרינצעסן, וועט איר קריגן א גוטע רעצענזיע...

אקטריסע: שיין! אז כ׳וועל גוט שפילן!... און דאס וואס איז? (נעמט ארויס פון האנט-טאש עטלעכע צייטונגס-אויסשניטן) און דאס? זעט איר: דאס איז פון וויען, דאס פון בודאפעסט, לעמבערג, ווארשע, לאנדן, קאירא, הייטא, יאמייקא, פארטאריקא, לא פלאטא, מעקסיקא, קאליפארניען, נו? שלעכטע רעצענזיעס? הע! כ׳זאל גוט שפילן! פי-פי, וואס האט עס אייך פאראיארן אזוי שטארק נישט געפעלן?

רעצענזענט: (טראָציק) ס׳איז מיר נישט געפעלן און גענוג. די דיקציע איז געווען פאלש, דער כאראקטער, נישט אויפן פלאץ און קיין פיצל גראציע!

אקטריסע: (מאכט גראציעזע באוועגונגען) אזוי! נישט גראציעז! קיין פיצל גראציע! כא-כא! — א, ווי מיד מען ווערט ביי אייך!... (ווארפט זיך אויפן סאפע) ווי נישט אינטערעסאנט איר זייט!...

רעצענזענט: (גייט צו נאנט, געררייצט) צו וואס זייט איר אייגנטלעך אהער געקומען? ווען בלויז כדי מיך צו איראניזירן, אזוי האב איך קיין צייט נישט פאר אייך!...

אקטריסע: (שטייט האסטיק אויף) אזוי, איר האט צו מיר קיין צייט נישט... דער ערשטער מאן זייט איר, וואס זאגט מיר דאס! איז נישט. דארף מען נישט!... (כאפט די האנט-טאש פון טיש, וויל גיין) איך קוש אייער האנט!...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (האַלט זי אַפּ, אומבאַהאָלפן) אָבער... איך האָב אייך נישט געוואָלט באַליידיקן... פאַרקערט... עס איז מיר זער אַנגענעם... (ווייל זי צופירן צו אַ שטול).

אַ ק ט ר י ס ע : (באַפרייט זיך פון אים) איר האָט מיך באַליידיקט, איך גיי...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : אָבער... איר האָט מיך גערייצט... אַנטשולדיקט...

אַ ק ט ר י ס ע : (שטרעקט אויס אַ האַנט) טאָ גיט אַ קוש!

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (נעמט פאַמעלעך איר האַנט צום מויל, פרעסט זי פעסט צו, קושט לאַנג).

אַ ק ט ר י ס ע : נו!... זייט ווען האָט איר מיך אַזוי ליב באַקומען? איר שלעכטער מענטש!

ר ע צ ע נ ז.ע נ ט : ווי וואונדערבאַר איר זעט אויס... ווי פראַכטיק;...

אַ ק ט ר י ס ע : (קאָקעט) פּי־פּי־פּי, פראַכטיק... ביינאַכט ווען איר מיך ערשט זען אין אַ שיינעם טראַכט... דאָס איז שוין אַן אַלט קלייד... נאָך אין ווין געלאָזט מאַכן... — כאַ־כאַ! וואָס שטייט איר עפּעס אַזוי טרויעריק? מיין אָרימער, אָרימער רעצענזענט!... (גלעט אים די האָר) טוט אייך אפשר וויי דער קאָפּ? מיין אָרימער, אָרימער רעצענזענט...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (שטייט אומבאַהאָלפן, ענדלעך באַפרייט ער זיך פון איר, שטעלט זיך גלייך, פעסט) רייצט מיך נישט!

אַ ק ט ר י ס ע : (דערנענטערט זיך צו אים, ער ציט זיך צוריק) זעט נאָר, ווי ער האָט מורא! כאַ-כאַ, ער אַנטלויפט פאַר מיר! (שלעפּט אים צו זיך) פאַרוואָס אַנטלויפט איר פון מיר? איר האָט מורא? (גלעט אים) האָט נישט קיין מורא... איך וועל אייך גאָרנישט טון... אַ יאָ, איר וועט מיר שרייבן אַ גוטע רעצענזיע? איר זייט דאָך אַ גוטער!...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (טוליעט זיך צו איר) יאָ, אַ גוטע... די

בעסטע, וואָס איך האָב ווען געשריבן... איר זייט די שענסטע אַקט־ריסע, וואָס איך האָב ווען געזען! און אין שפּילן, האָט קיינער צו אייך קיין גלייכן נישט... די בעסטע רעצענזיע!...

אַקטריסע: וועל איך דאָ קאָנען לענגער שפּילן? זאָל איך מיך דאָ לאָזן אַנגאַזשירן?

רעצענזענט: איך וועל מאַכן די שטאָט זאָל וועגן אייך קלינגען! איר וועט דאָ קאָנען שפּילן אַ יאָר, צען יאָר, אייביק!...

אַקטריסע: (באפרייט זיך פון אים) כאַ־כאַ־כאַ! איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז אַ רעצענזענט קאָן זיין אַזוי סענטימענטאַל!...

רעצענזענט: נו, לויפט נישט פון מיר... (וויל זי צוציען צו זיך).

אַקטריסע: מען טאָר נישט... איך איל זיך איצט. איך האָב זיך נאָך אַ סך צוצוגרייטן צו דער היינטיקער פאָרשטעלונג...

(נעמט די האַנט־טאַש).

רעצענזענט: (לויפט צו, כאַפּט איר ארויס די טאַש) איר וועט נאָך נישט גיין!

אַקטריסע: אָבער... איך מוז! עס איז שוין שפּעט...

רעצענזענט: (ליידנשאַפטלעך) איר וועט נאָך נישט גיין!

(ציט זי צו זיך, עס געלינגט איר אָבער זיך ארויסצודרייען, וויל גיין).

רעצענזענט: (געענדערט) און וואָס וועט זיין מיט דער רעצענזיע?

אַקטריסע: וואָס זאָל זיין? איר וועט שרייבן אַ גוטע רעצענזיע און איך וועל דאָ קאָנען שפּילן אַ גאַנצן סעזאָן.

רעצענזענט: (קאַלט) ווען איר ווילט האָבן אַ גוטע רע־צענזיע, מוזט איר בעסער שפּילן ווי פּאַראַיאָרן...

אַקטריסע: (גייט צו נאָנט צו אים) אַזוי! בעסער ווי פּאַראַיאָרן! וואָס האָב איך עס פּאַראַיאָרן אַזוי שלעכט געשפּילט?

רעצענזענט: איך האָב אייך געזאָגט. די דיקציע

פאַלש, אַן כאַראַקטער, און קיין פּיצל גראַציע. די סצענע, ווען די יאַפּאַנישע פּרינצעסן גייט צו צום פענסטער פון כינעזישן פּרינץ און ער קושט זי, האָט איר אינגאַנצן אָפּגעהאַרגעט. אַן גראַציע זייט איר צום פענסטער צוגעגאַנגען און די באַוועגונג ביים קושן, האָט זיך נישט גוט פּרעזענטירט...

אַ ק ט ר י ס ע : פאַלש! די סצענע, האָב איך גראַד אַמ-בעסטן דורכגעפירט! איר וועט זיך איבערציייגן ביינאַכט.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : ווען איר וועט עס ביינאַכט שלעכט שפּילן, וועט שוין זיין צו שפּעט. איר מוז אַרויפגיין אויף דער בינע מיט אַ ג ע ז י כ ע ר ט ן ד ע ר פ אָ ל ג . . .

אַ ק ט ר י ס ע : (קאָקעט) ווילט איר אפשר, איך זאָל אייך איצט מאַכן אַ רעפּעטיציע?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : וויבאַלד איר ווילט זיין זיכער מיט אַ גוטער רעצענזיע... — אָט, זעט איר... (דרייט זי אַרום) די סצענע ביים פענסטער... פּרוּווט צוגיין צום פענסטער... (עס געשיט, ער פאַרבעסערט איר די באַוועגונגען) זעט איר... אַזוי, אַזוי... אויסגע-צייכנט! שטייט דאָ. (לויפט אַפּ, קומט צו פון דרויסן צום פענסטער).

## ז ע ק ס ט ע ס צ ע נ ע

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (פון דער דרויסנדיקער זייט ביים פענסטער) נו, איצט זאָגט די ווערטער... אַזוי, עפנט פּאַמעלעך דאָס מויל... אַזוי... נו...

אַ ק ט ר י ס ע : אָ, מיין פּרינץ פון כינע-לאַנד!
האָסט מיין האַרץ און האָסט מיין האַנט...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : נו, נו, אויסגעצייכנט! עפנט ס'מויל, די ליפּעלעך... נו, נו, פיין, פיין, נו קושט... (זי קושט אים) ע, זעט איר, אַביסל הייסער, מיט מער טעמפּעראַמענט... נו, נו... (קושן זיך לאַנג, רעצענזענט לויפט אַפּ פון פענסטער, קומט אַריין).

## ז י ב ע ט ע  ס צ ע נ ע

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : אויסגעצייכנט! צום באוואונדערן!...

א ק ט ר י ס ע : (מיט א שעלמישן שמייכל) נו, וועט מיר מיין געדיקער כינעזישער פרינץ געבן א שלעכטע רעצענזיע?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : עהע, פון פאראיארן ביז היינט, האט איר אין קושן געמאכט פארשריט, אבער געוואלטיקן פארשרים!...

א ק ט ר י ס ע : נו, קאן איך שוין גיין?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : באלד. נאך די איינע סצענע. (פירט זי צו דער כאפע) די סצענע, ווען דער פרינץ מיט דער פרינצעסן זעצן זיך אוועק אויפן טעפיך... (זעצט זי אוועק) אזוי!... איך געדענק נישט די ווערטער, וואס דער פרינץ האט צו זאגן... זאגט, זאגט, נאר גוטע באטאנונג...

א ק ט ר י ס ע : גיב מיר דיין ארעם, דו קעניג־זאהן,
אין שטייג ארויף אויף דיין ליבעס־טראן!

(שלעפט אים צו זיך)

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : איצט נעמט ארום דעם כינעזישן פרינץ, אט אזוי... אט אזוי...

א ק ט ר י ס ע : (פרעסט אים צו זיך).
לייג דיין קאפ אויף מיין הייס ליבנד הערץ,
פארגעס די אייפערזוכט און דיין שמערץ,
ווייל קיינעם ליב איך נישט אויסער דיך!...

ר ע צ ע נ ז ע נ ט : (ליידנשאפטלעך) א, ווי ס׳פלאקערט די ליבע, קוש מיך!

קוש מיך, א, געליבטע פרינצעסן,
כ׳וועל עס דיר ביי דער קריטיק אסור נישט פארגעסן!...

א ק ט ר י ס ע : (פרעסט אים צו זיך, אזוי, אז איר קאפ קומט אויס איבער זיין אקסל, שטעלט אים ארויס די צונג).

פ א ר ה א נ ג.

# ווען די נאכט פאַלט צו...

## דראַמע אין 1 אַקט



צ ו ו י י ט ע  א ו י פ ל א ג ע.

פארלאג

„דער קונדאַס“

בוענאָס איירעס 1933.

ערשטע אויפלאַגע 1100 עקזעמפּליאַרן.
אַרויסגעגעבן פון „אַרטיסטיש ווינקעלע"
בוענאָס איירעס 1924.

אויפגעפירט צום ערשטן מאָל דורכן דראַמקרייז
„אַרטיסטיש ווינקעלע" אין סאַלאָן „בענעוואָלענסאַ"
בוענאָס איירעס 1924.

דיר, אדעלא,

פון ווייטן לאנד — א מתנה.

פ א ר ש ו י נ ע ן:

י ר ו ח י ם — אַ קאָלאָניסט.

ד ב ו ר ה — זיין טאָכטער.

א י נ ד י אָ — אַ טאָג־ארבעטער.

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג — אַ וואַנדערנדער פּאָעט.

אָרט: אַ אידישע קאָלאָניע אין אַרגענטינע,
פרילינגס-צייט.

די בינע שטעלט פאר א בלומען און פאמעראנצן־גארטן, רעכטס פון ירוחים'ס שטוב. רעכטס, צוויי פאמעראנצן־בוימער, פון וועלכע די ווייסע בליטן פאלן אײנציק ווי א שיטערער שניי אראפ. טיפער אביסל, הויכע גראזן מיט בלומען פון אלערליי קאלירן, וועלכע גיסן זיך צונויף מיט דער דעקאראציע פון א

ווייטער, פלאכער לאנדשאפט, וואו־נישט־וואו א צעבליט ביימל, א

לויטערער בלויער הימל.

לינקס, א וואנט פון ירוחים'ס שטוב, מיט א קליין פענסטערל, אונטערן פענסטערל א קורצע באנק. אינדערמיט בינע, אביסל אין דער טיף, צווישן גראזן און בלומען — א באנק. איבער דער באנק, אינדערהויך, הייגנען אריבער די בלעטער פון א פאלמען־בוים. פארנט אינדערמיט — א פרייער פלאץ.

(נאכמיטיק).

ד ב ו ר ה : (שלאנק, אביסל פאר'חלומט, אריבערגעווארפן די קאש־טאן־פארביקע האר איבערן רעכטן אקסל, קוקט ארויס פון פענסטערל, פאר־שווינדט, א ווײלע שפעטער קומט זי ארויס, רייסט אויס עטלעכע פיאלעטע בלימעלעך און פלעכט זיי פלינק אין די האר אריין).

י ר ו ח י ם : (אין די פופציקער יארן, אביסל גרא, טראגט גרויסע שטיוול, קומט צוגיין פארשוויצט, ווישט מיטן ארבל דעם שוויים). ווידער א בריוו...

ד ב ו ר ה : (פארבינט שנעל די האר) פון וועמען?

י ר ו ח י ם : פון וועמען... נעם און לייען. אודאי ווידער די דרעש־מאשין. ווען איך האב איר באשטעלט, הא? שוין א היבשע פאר חדשים; איז אנשטאט די מאשין, שיקן זיי מיר בריוו. אט שרייבט מען, אט פאקט מען, אט שיקט מען... נע, דער זומער רוקט זיך אן, ס'וועט באלד זיין שניט און... — וואס שרייבן זיי ווידער איצט?

ד ב ו ר ה : (וועלכע האט דערווייל געעפנט דעם בריוו, הויבט אן לעזן)

בוע—נאס־איירעס... — איי, פון בוענאס־איירעס! זיכער פון מענדלען!...

י ר ו ח י ם : טאָ וואָס איז אויף דיר די גדולה?

ד ב ו ר ה : (פריידיק) ס׳איז פון מענדלען. כ׳זע די אונטער־שריפט!... (לעזט) מיין ליבער טאַטע...

י ר ו ח י ם : טאָ וואָס קאָנסטו נישט איינשטיין אויף אַן אָרט? שפּרינגסט ווי אַ פערד. גיי אַהער, זעץ זיך און לייען.

(דבורה זעצט זיך ביים פענסטערל, ירוחים לענט זיך אָן אַן דער וואַנט).

ד ב ו ר ה : (לעזט) „מיין ליבער טאַטע. איך האָב דיר ביז היינט נישט געשריבן, דאַפאַר זאָלסט מיר מוחל זיין...“

י ר ו ח י ם : ווי? איך פאַרשטיי נישט.

ד ב ו ר ה : — וואָס פאַרשטייסטו נישט, טאַטע? דו זאָלסט אים מוחל זיין, וואָס ער האָט דיר ביז היינט נישט געשריבן...

י ר ו ח י ם : געזונט זאָלסטו מיר זיין, דבורה׳קע; דו פאַר־שטייסט באַלד אַלצדינג, אַקוראַט ווי אַ געלערנטע...

ד ב ו ר ה : „איך בין זער בייז געוועזן...

י ר ו ח י ם : פאַרוואָס איז ער עפּעס בייז געוועזן? וואָס האָט ער געהאַט בייז צו זיין?

ד ב ו ר ה : טאָ לאָז מיך לייענען, וועל איך וויסן. — „איך בין זער בייז געוועזן, ווען איך בין אַהער אָנגעקומען. איך בין בייז געוועזן אויפן טאַטן, אויף די פערד, בהמות, אויף דער גאַנצער קאָ־לאָניע מיטן פעלד און אַממערסט, בין איך אויף מיר אַליין בייז געוועזן...

י ר ו ח י ם : סט׳געהערט עפּעס? בייז און בייז, אַ צעבייז־זערניש אויפן געקומען...

ד ב ו ר ה : — „אויף מיר אַליין בייז געוועזן, ווייל איך האָב מיינע יאָרן אויפן פעלד פאַרברענגט און האָב זיך נישט אויסגע־לערנט רעדן צו אַ מענטשן... איך האָב זיך דאָ ארומגעדרייט אין די גאַסן, איך האָב געזען אין די גרויסע פענסטער אַזעלכע שיינע זאַכן און איך האָב אפילו נישט געוואוסט ווי מען רופט זיי... אַלץ איז מיר פרעמד געוועזן. און צום ערגסטן איז עס געוועזן מיט די מענטשן.

די מענטשן האָבן מיך אָנגעקוקט ווי עפּעס אַ ווילד באַשעפעניש און איך קאָן דאָך שרייבן! — האָב איך איינעם דאַפאַר פון בעם צוויי ציין אויסגעהאַקט..."

ירוחים: אַ כוואַט! גוט האָט ער געטון! די גרויס־שטעטישע פיינע ברואות; זיי זענען די מענטשן, אַ רוח אין זייער... אַלע ציין האָט ער אים באַדאַרפט אויסשלאָגן!...

דבורה: דו הערסט, טאַטע? — „האָט מען מיר פאַרדאָס איינגעשפּאַרט און ערשט מיט 8 טעג צוריק אַרויסגעלאָזן..."

ירוחים: אַ כאָלערע זאָל עס טרעפן! לייען נאָר ווייטער, לייען...

דבורה: „די 8 טעג דריי איך זיך דאָ אַרום ווי אַ שאָטן פון אַ בהמה. איך קאָן נישט קוקן אויף די היגע צורות; גאַנץ אַנדערש זעען זיי דאָ אויס ווי ביי אונז אויפן פעלד... איך האָב געוואָלט שרייבן, האָב איך נישט געהאַט די 5 סענט אויף אַ סטאַמפּיזשע...".

ירוחים: אַ יאָלד דאָס איז! וואָס איז? איך בין קיין טאַטע נישט? פאַרוואָס האָט ער נישט געשריבן, איך וואָלט דען אים נישט צוגעשיקט עטלעכע טאָלער?...

דבורה: ווי אַזוי האָט ער געזאָלט שרייבן, אַז ער האָט נישט געהאַט אויף אַ סטאַמפּיזשע?

ירוחים: (קראַצט זיך אין קאָפּ) אַ כאָלערע זאָל עס נעמען! נו, וואָס ווייטער?

דבורה: „היינט אינדערפרי, האָט אַ קוענטעניק אויף מיר רחמנות געקריגן, האָט ער מיר ארויפגעלייגט אַ גרויסן פּאַק מיט פאַרשידענע סחורות אויפן פּלייצע און זאָגט מיר „קום". בין איך נעגאַנגען. האָט ער מיך אַ גאַנצן טאָג אַרומגעפירט, אָנגעקלאַפּט אין יעדע טיר ווי אַ בעטלער און אַזוי בין איך אפשר צען מייל אָפּגעגאַנגען... פאַרנאַכט, ווען מיר זענען אהיימגעקומען, האָט ער מיר געגעבן אַ טאָלער און געהייסן איך זאָל מאָרגן ווידער קומען...

ירוחים: פאַר׳שרפה׳ט זאָלן זיי ווערן, די פיינע ברואות! נו, ער קלערט אפשר מאָרגן אהינצוגיין צו דעם קוענטעניק? ווייטער טראָגן דעם פּאַק און קלאַפּן אין די טירן ווי אַ בעטלער?

דבורה: אַז דו שטערסט לייענען, פונוואַנען זאָל איך וויסן?

ירוחים: שוין, שוין גענוג געלייענט! אַ שיינע ריינע כפּרה! — און דו? דו ווילסט דאָך אויך אין שטאָט אַריין!...

דבורה: איך וויל דאָך נאָר אויף אַ ווײַלע... אַ קוק טון, ווי זעט אויס אַ שטאָט... די מענטשן זענען דאָרט געלערנטע... עס ווילט זיך אַמאָל זען...

ירוחים: זאָג מיר, דבור׳קע וואָס פעלט דיר, ווען דו זעסט זיי נישט? איז דיר דאָ שלעכט? עס פעלט דיר דאָ לופט? באמת, איך פאַרשטיי נישט, וואָס די קינדער רייסן זיך אַזוי פון די לייצעס... — האָט מענדלען דער האָבער געקוועטשט, די שטעקנס האָבן אים נישט געהאָלפן, האָב איך אים געגעבן אויף הוצאות, נאַ און פאָר. טאַ האָסטו דיר אַ פאָרן! איך האָב געגלויבט, ער שרייבט נישט, איז ער דאָרט שוין עפּעס געוואָרן: אַ קלייניקייט, איך האָב דאָך אים געלערנט שרייבן!... צום סוף, נאַדיר גאָר אַן עסק מיט אַ פּאַק אויפן פּלייצע... טפו זאָל עס ווערן!..

דבורה: (לייגט צוזאַמען דעם בריוו, שטייט אויף).

ירוחים: פאַרוואָס לייענסטו נישט ווייטער?

דבורה: אַז דו לאָזט נישט!

ירוחים: ווי הייסט כ׳לאָז נישט? אַז דעם יונגן אָקס האָט זיך פאַרגלוסט די שטאָט, זאָל איך זיך שוין אָפּזאָגן פון אים? ס׳איז דאָך מיין בלוט און פלייש! לייען...

דבורה: — „בעט איך דיך, טאַטע, שיק מיר אויף הוצאות, וועל איך אהיימקומען און וועל זיך ערשט אויף אַן אמת נעמען צו דער אַרבעט און נישט האָבן קיין פויגעלעך אין קאָפּ...“

ירוחים: נו, דבור׳קע? ווילסט נאָר פאָרן אין שטאָט

אריין? קוועטשט דיך אויך דער האָבער? יונגע בהמות, ווילדע, רייסן זיך איבער די צוימען...

ד ב ו ר ה : — „ווען דו וועסט מיר נישט באלד צושיקן אויף הוצאות, קומט אויס, איך זאָל אָן זיך אַ מעשה אָנטון..."

י ר ו ח י ם : און וואָס זיצסטו נאָך? לייענט און לייענט און עס נעמט גאָר קיין סוף נישט אָן... (לויפט אָפּ אין שטוב, קומט באַלד צוריק ארויס, אנגעטון דעם קאַפּעלוש) ווי שרייבט ער? עס קומט אויס ער זאָל אָן זיך אַ מעשה אָנטון?... פאַרוואָס האָסטו מיר דאָס באלד נישט געלייענט? אַ כאָלערע!... (אָפּ).

ד ב ו ר ה : (רופט נאָך) טאַטע, וואוהין לויפסטו? (עס הערט זיך ירוחים'ס קול) „ששש... האַ־הו!..." (אַ שמייץ מיט אַ בייטש, דבורה קוקט אַ ווײַלע נאָך, באַטראַכט טרויעריק דעם בריוו, זעצט זיך אויף דער באַנק צווישן די בלומען, לעזט פאַר זיך דעם בריוו, אין דער צייט באַווייזט זיך עטלעכע מאָל צווישן די פּאָמעראַנצן־בוימער ד ע ר א י נ ד י אָ אין אַלטע צעריסענע שמאַטעס געהילט, באָרוויס, אַ ווילד פאַרוואַקסענע שוואַרצע באָרד און האָר, דאָס פּנים ברוין מיט פינקלדיקע אויגן. ער באַווייזט זיך און ציט זיך שנעל צוריק, ענדלעך רוקט ער זיך צווישן די בלומען ביז הינטער דער באַנק).

ד ב ו ר ה : (קוקט זיך אום, שטייט האַסטיק אויף, דערשראָקן) וואָס זוכסטו דאָ, ווילדער?

א י נ ד י אָ : (פאַרלעגן, קראַצט זיך ס'לייב, צעשמייכלט זיך גוטמוטיק) גאָרנישט...

ד ב ו ר ה : טאָ פאַרוואָס ביזטו נישט ביי דיין ארבעט, נאָר קריכסט דאָ ארום און צעטרעטסט מיט דיינע לאַפּעס די בלומען?

א י נ ד י אָ : איך צעטרעט נישט...

ד ב ו ר ה : אויף וואָס וואַרטסטו? האָט זיך אַוועקגעשטעלט און שטייט.

א י נ ד י אָ : בייזער זיך נישט, דבור'קע...

ד ב ו ר ה : (ציט זיך אינסטינקטיוו צוריק) מאַרש צו דער אַרבעט, ווילדער!

א י נ ד י אָ : (מאַכט אַ טריט צום אַפּגייז, קערט זיך באַלד צוריק אום) איך האָב דיר געוואָלט עפּעס ווייזן, דבור'קע...

ד ב ו ר ה : וואָס האָסטו געוואָלט ווייזן ?

א י נ ד י אָ : קום אַהער...

ד ב ו ר ה : ווייז פון דער ווייט.

א י נ ד י אָ : קאָן מען נישט... דאָס קאָן מען פונדערווייטנס נישט ווייזן...

ד ב ו ר ה : (פאַראינטערעסירט) וואָס ווילסטו דען ווייזן ?

א י נ ד י אָ : האָב קיין מורא נישט פאַר מיר, דבור'קע... איך וועל דיר גאָרנישט טאָן (ווען דבורה גייט צו נענטער, רייסט ער אָפּ אַ געלע בלום) זעסט, דבור'קע, דאָס איז דאָס טויטע בלאַט...

ד ב ו ר ה : (מיסטרויאיש) וואָס ווייזטו מיר ? דאָס איז דאָך דאָס סם-בלימל...

א י נ ד י אָ : ווען דו וועסט מיר הייסן, וועל איך דאָס אַראָפּשלינגען.

ד ב ו ר ה : (לויפט צו, רייסט ביי אים ארויס די בלום) ביזט משוגע געוואָרן, דו ווילדער; דו וואָלסט דאָך באַלד געשטאָרבן !...

א י נ ד י אָ : ווען דו הייסט מיר, וועל איך אַפילו צען אַזעלכע טויט-בלעטער אַראָפּשלינגען...

ד ב ו ר ה : דערפאַר ביזטו דאָך טאַקע אַ ווילדער, אָן שכל...

א י נ ד י אָ : פאַרוואָס רופט מען מיך ווילדער ? איך בין דאָך נישט ווילד... איך ארבעט און טו קיינעם גאָרנישט... איך האָב דאָך נאָך קיינעם גאָרנישט געטון... זע, דבור'קע, איך לייג זיך דאָ אויפֿדר'ערד... (ער ציט זיך אוים אויף דר'ערד) ליג איך אזוי אויף דר'ערד און טו קיינעם גאָרנישט... איך ליג שטיל און טראַכט, ווי גוט וואָלט דאָס געווען, ווען דבור'קע וויל אויף מיר טרעטן... ווען זי וויל מיך שלאָגן... דערהארגענען... איך וואָלט ווייטער אזוי געלעגן, ביז זי וואָלט מיך געהאַרגעט און קיינעם וואָלט איך גאָרנישט געטון...

דבורה: וואו האסטו זיך אויסגעלערנט אזוי רעדן?

אינדיאַ: אליין: ווען דו שלאָפסט, ווען אלע שלאָפן, דערמאָלט טראַכט איך...

דבורה: פון וואָס טראַכסטו?

אינדיאַ: (קלערט נאָך) איך געדענק נישט... איך קאָן נישט נאָכזאָגן... נאָר איך טראַכט אזעלכענע גוטע זאַכן...

דבורה: (גייענדיק צו דער באַנק אינדערמיט, גיט זי דעם אינדיאַ אַ שטויס מיטן פוס) ביזט אַ ווילדער! (זעצט זיך).

אינדיאַ: (גלעט דאָס אָרט, וואו ער האָט דעם שטויס באַקומען) איי ווי גוט.. דאָ זענען דיינע פיס געטראָטן... — דבור'קע, פאַרוואָס הייסטו מיר נישט אראָפּשלינגען די טויט־בלעטער?

דבורה: (שרעקט זיך עפּעס, דאָך די נייגעריגקייט האַלט זי אויף) איז וואָס וואָלט געווען?

אינדיאַ: עס וואָלט גוט געווען...

דבורה: וואָס וואָלט עס אזוי גוט געווען?

אינדיאַ: ווען איך שלאָף, טראַכט איך פון אזעלכע גוטע זאַכן...

דבורה: דו וואָלסט דאָך אָבער געשטאָרבן!...

אינדיאַ: איך וואָלט איינגעשלאָפן אין דעם לאַנגן שלאָף און אייביק וואָלט איך געטראַכט פון די גוטע זאַכן...

דבורה: — ווען מען שלאָפט קאָן מען דען טראַכטן? דאָס זענען דאָך נאָר נאַרישע חלומות!

אינדיאַ: איך ווייס נישט... עס קומט אליין... און אלעמאָל דאָס זעלבע... — ווען איך וועל אראָפּשלינגען די טויט־בלעטער, וועל איך אייביק שלאָפן און אייביק אזוי טראַכטן... דאָס איז גאָרנישט נאַריש, דאָס איז גוט...

דבורה: וואָס טראַכסטו דאָס אזוינס?

אינדיאַ: איך געדענקט נישט... איך קאָן נישט נאָכרעדן...

ד ב ו ר ה : אָבער עפּעס ווערסטו דאָך קאָנען.

א י נ ד י אָ : כ'האָב מורא צו רעדן...

ד ב ו ר ה : וואָס האָסטו מורא?

א י נ ד י אָ : דו וועסט בייז ווערן...

ד ב ו ר ה : רעד, איך הייס דיר.

א י נ ד י אָ : אַז דו הייסט, וועל איך רעדן... (זעצט זיך גלייך אויף דר'ערד) ווען איך... — איך קאָן נישט נאָכרעדן...

ד ב ו ר ה : (צערייצט) רעד ווי אַזוי דו קאָנסט, איך הייס!

א י נ ד י אָ : (פאַרטראַכט) איינמאָל... איך בין נישט געזעסן... איך האָב נאָר געטראַכט, אַז איך זיץ ביי אַ צעלייגט פייער... אויפן פעלד, ביינאַכט... פון דערהויך קוקן אַראָפּ אַזויפיל אויגן... האָט זיך מיר דעמאָלט עפּעס פאַרוואָלט... עפּעס-וואָס... — איך האָב מורא צו רעדן...

ד ב ו ר ה : רעד, האָב קיין מורא נישט...

א י נ ד י אָ : (קראַצט זיך אין קאָפּ) איך קאָן נישט נאָכרעדן...

ד ב ו ר ה : (אומגעדולדיק) אָדער דו רעדסט, ווען נישט, טרייב איך דיך שוין אַוועק פון דאַנען.

א י נ ד י אָ : (ווי בעטנדיק) נישט טרייב מיך... איך טו דאָך דיר גאָרנישט... איך ריר דיך אפילו נישט אָן... — גוט. איך רעד.. (פאַרטראַכט) ביזטו פּלוצלינג אָנגעקומען אויף אַ יונג פערד צו רייטן...

ד ב ו ר ה : ווען?

א י נ ד י אָ : איך האָב דאָך געזאָגט, אַזוי האָב איך געטראַכט... — דו ביזט אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד... האָסט מיר אַראָפּגעריסן מיינע צעריסענע קליידער און האָסט מיר געגעבן שיינע... נייע... און געזאָגט האָסטו מיר אַזוי: — טו אָן און דו וועסט מער נישט זיין קיין ווילדער...

ד ב ו ר ה : ווען האָב איך דיר אַזוי געזאָגט?

א י נ ד י אָ : אַזוי האָב איך געטראַכט... און ווען איך האָב

אויפגעהערט טראַכטן און איך האָב די אויגן געעפנט, האָט זיך פון זיי געגאָסן וואַסער...

ד ב ו ר ה : פאַרוואָס האָסטו געוויינט?

א י נ ד י אָ : וואָס וועל איך טון אין אַזעלכע קליידער? זיי זענען ענג... איך וואָלט געוועזן אַזוי... ווי געבונדן...

ד ב ו ר ה : ביזט אַ ווילדער. מענטשן דאַרפן גיין אָנגעטון; נישט אַזוי ווי דו...

א י נ ד י אָ : צו וואָס דאַרף איך עס? (פאַרטראַכט) און דערפאַר איז מיר שלעכט געווען...

ד ב ו ר ה : ווען און וואָס איז דיר אַזוי שלעכט געווען?

א י נ ד י אָ : דעמאָלט... ווען איך האָב געטראַכט פון דיר... איך האָב דיר נישט געוואָלט פאָלגן, נישט אָנגעטון די קליידער, ביזטו צוריק אַוועקגעלאָפן... האָסט געלאַכט פון מיר... און ווען איך האָב דערנאָך געעפנט די אויגן, האָט זיך פון זיי געגאָסן וואַסער...

ד ב ו ר ה : (באַטראַכט אים אַ ווײַלע, קוקן זיך אין די אויגן, געענ־דערט) נו, שוין גענוג פאַרבּרענגט; גיי צו דײַן אַרבעט.

א י נ ד י אָ : (שטייט פּאַמעלעך אויף, קוקט זיך טרויעריק אַרום) עס איז שלעכט... מען האַלט מיך פאַר אַ ווילדן...

ד ב ו ר ה : ביזטו דען נישט קיין ווילדער? אויף אַ חלום זאָגסטו דו טראַכסט און אַלעס, דײַן גאַנץ אַרומקריכן, איז פּונקט ווי פון אַ בהמה...

א י נ ד י אָ : עס איז נישט אַזוי... אַ בהמה קאָן פאַר דיר גאָרנישט טון... און איך... ווען דו הייסט, וועל איך די גאַנצע וועלט פאַרברענען... מיך וועל איך אויך פאַרברענען...

ד ב ו ר ה : (שטייט אויף, אומרואיק) גיי צו דײַן אַרבעט, ווילדע ברואה!... (ווײַל גיין, אין דורכגיין כאַפּט דער אינדיאָ איר האַנט).

א י נ ד י אָ : גיי נישט אַוועק...

ד ב ו ר ה : ביזט משוגע געוואָרן? לאָז אָפּ די האַנט! נו, לאָז אָפּ! דער טאַטע וועט דיר... לאָז אָפּ!... (ווײַל אַרויסרייסן די

האַנט, ער האַלט זי אָבער פעסט און ווען זי וויל זיך אַרויסרייסן, גיט ער זי אַ צי צו זיך. נעמט זי אַרום, פרעסט זי צו זיך, אַזוי, אַז איר שרייען ווערט פאַרשטיקט) גוואַלט!...

אינדיאַ: (מיט איין האַנט פרעסט ער זי צו זיך, מיט דער אַנ־דערער גלעט ער אירע האָר און פנים) דבור'קע... דבור'קע...

דבורה: (רייסט זיך אַרויס, לויפט צו ביז צו דער באַנק אינ־דערמיט) גוואַלט! ראַטעוועט!...

אינדיאַ: (לויפט צו, כאַפּט זי אַרום, די האָר צעפּאַלן איר, ער וואַרפט זי אויפן באַנק, פליסטערט) דבור'קע... דבור'קע... (זי רייסט זיך, קעמפט וואָס אַמאָל שוואַכער, ער רייסט פון איר די קליידער, פון דער ווייטן הערט זיך אַ געשריי: „שטיי!" אינדיאַ דערשרעקט זיך, לאָזט אָפּ דבורה'ן).

## אויפטריט שמעטערלינג.

שמעטערלינג: (מאָדערן געקליידט, אַ ברייטן קאַפּעלוש, אַ רעוואָלווער אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט) שטיי! (וואָס נענטער ער קומט צו, ציט זיך דער אינדיאַ צוריק, ביז ער פאַרשווינדט הינטער די ביימלעך) וואָס איז דאָ געווען?

דבורה: (קומט פּאַמעלעך צו זיך, שטייט אויף, באַטראַכט דעם אָנגעקומענעם, פאַרשעמט זיך, נעמט צוזאַם די צעפלאָסענע האָר, לויפט שנעל אָפּ אין שטוב).

שמעטערלינג: (קוקט נאָך ווי דער אינדיאַ איז אַוועק, באַהאַלט דעם רעוואָלווער, קוקט ווי דבורה איז פאַרשוואונדן און באַטראַכטענ־דיג די אַרומיקע שיינקייט, ציט ער טיף דעם אָטעם, זעצט זיך אויף דער באַנק אינדערמיט).

דבורה: (קומט אַרויס, די האָר פאַרקעמט, בלייבט שטיין פאַר־שעמט).

שמעטערלינג: (שטייט האַסטיק אויף, באַגריסט זי העפלעך) גוטן טאָג!

דבורה: איך דאַנק אייך...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : וואָס איז געווען? איר וועט מיר דערלויבן צו פרעגן: ווי אזוי איז עס ארויסגעקומען דאָס געראַנגלע־ניש צווישן אייך? זייט איר אַליין דאָ?

ד ב ו ר ה : איצט בין איך אַליין... ווער זייט איר? איר זייט עפּעס אזוי פּלוצלינג אָנגעקומען...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : באַדויערט איר עס? גיי איך שוין אוועק.

ד ב ו ר ה : חלילה! עס איז פּשוט געווען אַ נס, וואָס איר זייט אָנגעקומען, ווען נישט, ווער ווייס וואָל עס וואָלט געווען... — פונוואַנען קומט איר איצט?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : פון דער גאַנצער וועלט קום איך. צו עפּעס וואָס בענקט מיין האַרץ, פאָר איך פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד און זוך דאָס, נאָך וואָס מיין האַרץ בענקט און קאָן עס נישט געפינען...

ד ב ו ר ה : ווי האָט איר געזאָגט? איר זוכט? וואָס אזוינס זוכט איר?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : דאָס האָט קיין נאָמען נישט... מעג־לעך, ווען איך וועל עס געפינען, וועל איך ערשט וויסן ווי עס אָנצורופן...

ד ב ו ר ה : און פונוואַנען קומט איר איצט?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : אין אַרגענטינע בין איך ערשט עט־לעכע חדשים; האָב איך זיך באַקענט מיט דעם מאָדנעם לעבן אין בוענאָס איירעס און מיד בין איך געוואָרן דערפון; האָב איך זיך ארויסגעלאָזן אויפן קאַמפּ... אויף די ברייטע, ווייטע פעלדער און איך אָטעם דעם ריח פון נישט־געעפנטע פרילינגס־בלומען...

ד ב ו ר ה : איר קומט פון בוענאָס ־ איירעס? זעצט אייך. אפשר ווילט איר עפּעס עסן?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (קוקט זיך אום אין אַלע זייטן, באַטראַכט די פּאַלמען־בלעטער וואָס איבער דער באַנק, זעצט זיך ברייט אַוועק) ווען מען

קומט אין אַזאַ גן־עדן ווי דאָ, דאַרף מען עס נישט פאַרקלײנלעכן מיט באַנאַלע זאַכן... אַלעס ארום שמעקט, אַלעס ארום בליט און פאַרשפּרייט טויזנטער אָנגענעמע ריחות, וועלכע זעטיקן דעם גוף און די נשמה... איך דאַרף איצט גאָרנישט מער, ווי צו באַטראַכטן די ארומיקע שײנקײטן און קוויקן זיך מיט זיי... — נאָר וואָס איז עס געווען דאָס ראַנגלעניש? דערציילט, איך וויל דאָס אַלעס וויסן. איך וויל וויסן, ווי לעבט זיך דאָ די קאָלאָניסטן, ווי פילן זיך דאָ אין דער אָפּגעזונדערטער וועלט, די קינדער פון קאָלאָניסטן?

ד ב ו ר ה : איר רעדט אזוי שיין... אזוי... זייט איר נישט אַן ארטיסט?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (אביסל געטראָפן) ניין. אַן ארטיסט איז ווי אַ גראַמאָפאָן-פּלאַטע. מען גיט אים אַ געשריבן בוך, ער לערנט זיך אויס זיין ראָל, און דערנאָך, רעדט ער די ווערטער, וועל־כע דער דראַמאַטורג האָט געשאַפן און געשריבן, אַ גוטער ארטיסט, איז ווי אַ גוטע פּלאַטע, אַ שלעכטער — איז ווי אַן אָפּגעריבענע פּלאַטע, וועלכע קאָן נישט ארויסגעבן די אָריגינעלע טענער... איר פאַרשטייט?

ד ב ו ר ה : (שטייט נעבן די בלומען, אביסל פאַרשעמט) נישט איננאַנצן... מיר הערן דאָ קיינמאָל נישט אזוי רעדן... עס איז עפּעס גאַנץ אַנדערש... — איר קומט פון בוענאָס-איירעס?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : יאָ. האָט איר וועמען דאָרט?

ד ב ו ר ה : אַ ברודער. דער קאַמף איז אים צוגעגעסן גע־וואָרן און ער האָט זיך געריסן אין שטאָט אריין...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : וואָס טוט ער דאָרט?

ד ב ו ר ה : ווען ער איז געפאָרן, האָב איך זיך געפרייט, מיך ציט עס אויך אין שטאָט! איך וואָלט כאָטש געוואָלט אַ קוק טון ווי אַ שטאָט זעט אויס... האָב איך זיך געפרייט: איך האָב גע־האָפט, מיין ברודער וועט דאָרט אַ מענטש ווערן און מיך אביסל פאַרבעטן צו זיך... דערווייל איז היינט געקומען אַ בריוו פון אים...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : וואָס שרייבט ער?

ד ב ו ר ה : ער שרייבט, אז די מענטשן, זענען דאָרט אזוי מאָדנע... בעט ער מ'זאָל אים שיקן אויף הוצאות, וועט ער צוריקקומען, איז דער טאַטע געפאָרן געלט אוועקשיקן און דער אינדיאַ, ער ארבעט ביי אונז אויף די פעלדער, איז מיך איבערפאַלן און — (רייסט אפּ אַ בלום, גיט זי אים) אַ נס, וואָס איר זייט אָנגעקומען....

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : ווען איך קוק אויף דער בלום און אויף אייך, ווייס איך נישט וועלכער פון די צוויי בלומען איז פרעכטיקער און נאַטירלעכער....

ד ב ו ר ה : (ווי זיכער) איר זייט אַן ארטיסט.

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : פונוואַנען נעמט איר דאָס?

ד ב ו ר ה : אַ געוויינלעכער מענטש קאָן אזוי נישט רעדן...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : איך בין נישט קיין ארטיסט.

ד ב ו ר ה : וואָס דען? וואָס איז אייער פאַך? — אין שטאָט איז אַלץ אזוי אַנדערש.... עס ווילט זיך אַזוי שטארק כאָטש איינמאָל אַ קוק טאָן...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (אַ ווײַלע פאַרטראַכט) ווי הייסט איר?

ד ב ו ר ה : צו וואָס דארפט איר עס וויסן?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : אַזוי זיך....

ד ב ו ר ה : (שעמעוודיק) דבור'קע...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : דבורה'לע... איר דארפט נישט די שטאָט.... קוקט אייך בעסער דאָ צו מיט אָפענע אויגן.... באַטראַכט די ארומיקע שיינקייט און דאָס קליינע גן־עדן אין וועלכן איר געפינט אייך.... (שטייט אויף) זעט נאָר די פאַלמען־בלעטער, ווי זיי הענגען איבערגעבויגן, אזוי ווי זיי וואָלטן זיך געבוקט צו אונז.... די נאַטור בוקט זיך צום מענטש... — דבורה'לע... באַטראַכט נאָר די בלומען; זיי האַלטן זיך אין עפענען... באַלד וועלן זיי באַווייזן זייער צעעפנטע פראַכט... דבורה'לע... קוקט אייך נאָר צו צו די גרעזעלעך, ווי זיי באַוועגן זיך; שטרענגט אָן אייער אויער, דבורה'לע און הערט אייך צו צו זייער שטילן געפליסטער... די נאַ־

טור סוד'ט זיך. עפּעס־וואָס וויל די נאַטור פון אונז באַהאַלטן. הערט אייך גוט צו, דבורה'לע.... לעבט אייך גוט איין אין דער נאַ־טור, וועט איר זייערע סודות וויסן...

ד ב ו ר ה : איר רעדט פון דעם אַלעם אַזוי... ווי דאָס אַלעם ארום וואָלט געלעבט...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : ווייל עס לעבט! הערט נאָר אויף צו טראַכטן פון שטאָט, קוקט אייך בעסער צו צו דעם גאָרטן וואו איר זייט אויפגעוואַקסן, וועט איר זען, אַז די אַלע בלומען ארום, זיי־נען אייערע שוועסטער און איר זייט די שענסטע, די פּרעכטיקסטע פון זיי אַלע....(זעצט זיך צוריק פאַרטראַכט).

ד ב ו ר ה : וואָס זייט איר פּלוצלינג שטיל געבליבן?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : איך וויל אָפּרוען... איך וויל קומען צו זיך פון דעם גוואַלטיקן איינדרוק...

ד ב ו ר ה : (גייט צו נענטער) אפשר אייך עפּעס ארויסברענ־גען?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (ווי פאַר'חלומ'ט) ניין.. גאָרנישט... דבורה'לע... ווען איר ווילט, זעצט אייך דאָ נעבן מיר...

ד ב ו ר ה : איז וואָס וועט זיין?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : גוט וועט זיין... איך וועל אַזוי גוט פילן... איך בין איצט אין גן-עדן, וויל איך מיט דער שענסטער גן-עדן־בלום, אַביסל פאַרברענגען... אַרט עס אייך?

ד ב ו ר ה : (זעצט זיך אויפן צווייטן ברעג באַנק) מיך אַרט עס נישט... פאַרקערט... עס איז מיר ליב.. אַלץ איז מיר איצט ליב.. אַ שטאָטישער מענטש קומט דאָ אַזוי זעלטן אַהער... עס בענקט זיך דאָך!..

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : זעט נאָר ווי דער הימל, דער בלויער הימל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט... קוקט ארויף לאַנג, לאַנג און איר וועט פילן, ווי איר שוועבט אין דער לופט... מען ווערט אַזוי לייכט ווי אַ פעדערל... (דבורה קוקט ארויף צום הימל, ער רוקט זיך צו איר

(ער גייט נאָך אַ פּאָר טריט...) נענטער, נעמט איר האַנט אין זײַנע) זעט נאָר, דבורה'לע... דאָרט ווייט, אַ קליין וואָלקנדל... ווי עס שוועבט שטיל אונטער דעם הימל...

דבורה'לע... פילסט ווי מײַן האַרץ באַוועגט זיך פון פרייד?..

(קוקן זיך ביידע אָן, פּויזע, דבורה לאָזט אַראָפּ די בליקן) דבורה'לע... זע ווי עס פאַלן אָפּ די בליטן פון די ביימער... אַזוי ווי אַן אומשולדיק ווייסער שניי וואָלט געפאַלן...

ד ב ו ר ה : (אויפגעלעבט שטייט אויף, גייט צו צו די פּאָמעראַנ־צן־ביימער) דאָס זײַנען פּאָמעראַנצן-ביימער. די בליטן פאַלן אַראָפּ און די פרוכט בלײַבט גאַנץ...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (גייט צו צו איר, קוקט איר אין די אויגן) די בליטן פאַלן אַראָפּ, און די פרוכט בלײַבט גאַנץ... (פּויזע)

ד ב ו ר ה : פאַרוואָס זייט איר אַזוי אומעטיק געוואָרן? איר קוקט שוין אויף קיין שום זאַך נישט נאָר אויף מיר..־

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : דבורה'לע... אויפן וועג פון מײַנע אײַזאַמע וואַנדערונגען, האָב איך אַ גן־עדן אַנגעטראָפן... אַ פּרעכ־טיקן גן־עדן... און אין דעם גן־עדן האָט מיך אַ בלום, אַ יונגע בלי־ענדיקע בלום פאַרשיכורט... דבורה'לע... לאָז מיך אין דעם שיכרות... איך וועל דאָך באַלד דעם גן-עדן פאַרלאָזן....

ד ב ו ר ה : (אומרואיק) פאַרוואָס זאָגט איר מיר נישט ווער איר זייט? איך קען דאָך נישט אַזוי מיט אַ פרעמדן מענטשן פאַר־ברענגען?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : לאָמיר זיך דאָ אַוועקזעצן אונטער דעם בוים, וועל איך דיר אַלעס זאָגן... (זעצן זיך צוזאַם אונטער אַ פּאָ־מעראַנצן־בוים, די בליטן פאַלן אויף זיי) אַזוי דבורה'לע... איצט זײַנען מיר ווי אדם און חוה אין גן־עדן...

ד ב ו ר ה : איר האָט מיר געוואָלט זאָגן ווער איר זייט....

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : מײַן שיינע צאַרטע בלום... האָט חוה געפרעגט בײַ אדם'ן ווער ער איז? זע די גאַנצע וועלט איז אונזער! די נאַטור בוקט זיך צו אונז.. איך בין אדם, דו — חוה. טאָ צו וואָס די קליינלעכע פראַגן?

דבורה: (אומהיימלעך) איך האָב מורא... איך קען דאָך אייך נישט: ווען איך זע נישט אַז איר זייט אַ געלערנטער מענטש, וואָלט איך מיט אייך נישט געזעסן... זאָגט מיר, קיין אַרטיסט זייט איר נישט, וואָס דען טוט איר?

שמעטערלינג: איך בין אַ דיכטער. אַ פּאָעט...

דבורה: איך האָב זיך משער געווען, אַז איר זייט עפּעס אַזוינס... איך האָב שוין געלעזן ביכער אויך... — און וואָס טוט איר אויפן קאַמפּ?

שמעטערלינג: איך האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער פרייער נאַטור שטימונג זוכן... באַקענען זיך מיט פאַרשידענע מענטשן און לעבנס-אַרטן, איינזוויגן אין זיך די נאַטור-שיינקייטן, די ליידן און פריידן פון אַרום, בכדי עס דערנאָך צו באַשרייבן....

דבורה: האָט איר שוין עפּעס געשריבן? וואָס שרייבט איר?

שמעטערלינג: וואָס עס לאָזט זיך. וואָס די נשמה פילט, וואָס דאָס האַרץ דיקטירט... איצט למשל, וואָלט איך גע־שריבן אַ הימנע, אַ לויב־געזאַנג צו דער פּרעכטיקער נאַטור... און דערנאָך... יאָ, און דערנאָך וואָלט איך געזונגען אַ באַלאַדע וועגן דעם שמעטערלינג, וואָס האָט גאָרנישט געוואוסט ווי קורץ עס איז זיין לעבן... — האָט דער שמעטערלינג אַרומגעשוועבט אַרום די שיינע בלומען און פון רחמנות צו זיי, האָט ער זיי געשוינט און נאָר פון ווייטנס זיך מיט זייער פּראַכט געקוויקט... דאָס האַרץ האָט אים געצויגן ער זאָל זייער זאַפט געניסן, דאָך האָט ער אַלץ אָפּ־געלייגט אויף שפּעטער, אויף שפּעטער, און געפרייט האָט זיך דער שמעטערלינג, זעענדיק ווי די בלומען ווערן אַלץ שענער און זאַפטיקער... און ווען ער האָט זיך שוין ענדלעך אויסגעוויילט איין בלום, די פּרעכטיקסטע פון אַלע און באַשלאָסן, זיך צווישן אירע שמעקענדיקע זאַפטיקע בלעטלעך אויסצורוען, איז עמיץ אָנגעקו־מען און האָט די בלום אויסגעריסן און זיך אין לאַץ אַריינגעשטעקט...

— דער שמעטערלינג איז געוואָרן טרויעריק... ער האָט זיך געפילט מיד און געוואָלט ערגעץ דעם קאָפּ אָנשפּאַרן, איז ער מיט אַ טרויעריק זשומעריי אַרומגעשוועבט, געזוכט צווישן די איבעריקע בלומען, נאָר דאָ איז אָנגעקומען דער בייזער גערטנער, אָנגעהויבן שניידן בלום נאָך בלום, און אַזוי האָט ער אַלע בלומען אויסגעשניטן און זיי אַוועקגעפירט פאַרקויפן... דער שמעטערלינג איז אַרומגעשוועבט נאָך טרויעריקער און פאַרשמאַכטער, ער האָט געזוכט און דערוויַיל האָט זיך די זון אַראָפּגעלאָזן, האָט ער אָנגעהויבן ווערן שוואַכער און שוואַכער, זיינע פליגעלעך האָבן אָנגעהויבן פאַמעלעכער צו פלאַטערן און ווען עס האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן, איז ער אַ מידער אָן כחות אַראָפּגעפאַלן אויף אַ דאָרן-צווייג און דאָרט, אַ נישט באַפרידיקטער זיין נשמה אויסגעהויכט...

ד ב ו ר ה : אוי, ווי איר דערציילט דאָס!.. מען קריגט אויפן שמעטערלינג אַזאַ רחמנות, גליַיך ווי וואָלט עס אַ מענטש געווען...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (ווי פאַרחלומ'ט) זע, דבורה'לע... די זון פאַלט אַלץ נידעריקער און נידעריקער... באַלד וועט די נאַכט צופאַלן...

ד ב ו ר ה : רעדט נאָך עפּעס... דערציילט וויַיטער...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (טרויעריק) זאָג צו מיר דו... דבורה'לע... איך דאַרף איצט פילן אַ נאָנטע נאָענטקייט פון אַ ליבן פריינט, פון אַ האַרציקע שוועסטער...

ד ב ו ר ה : ווי רופט מען אייך דען?

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : רוף מיך שמעטערלינג.

ד ב ו ר ה : איך וויל נישט. איר האָט ערשט דערציילט אַזאַ טרויעריקס וועגן אַ שמעטערלינג...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : דוף מיך שמעטערלינג... גליַיך ווי דער שמעטערלינג פאַרצער איך... אַ בלום האָב איך אַמאָל געזען.... האָב איך פונוויַיטן זיך מיט איר פּראַכט געקוויקט... און ווען איך

האָב זיך דערנענטערן געוואָלט... האָט זיך אַן אַנדערער מיט איר אָן אָפּגעפּליקטע געשפּילט... (לאָזט טרויעריק אַראָפּ דעם קאָפּ).

ד ב ו ר ה : (גלעט אים רחמנות'דיק די האָר) זייט נישט טרויעריק.... איר האָט געזאָגט אַז דאָ געפעלט אייך אַלעס אַזוי שיין....

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : שיין איז דאָ אַלעס, אַ גן־עדן.. נאָר רוק זיך צו מיר נענטער... צעלאָז דיינע האָר... אָט אַזוי... (צעלאָזט איר די האָר) זע ווי עס פאַלן אויף דיר די אומשולד־בלימעלעך.... רוק זיך צו מיר נאָך נענטער... אַזוי... לעג דיין קאָפּ אויף מיין פלאַטערנדיק האַרץ... דבורה'לע... איצט הערשט פרילינג אין מיין האַרץ! ווייז דיינע ליפּעלעך... איך וויל זיי מיט מיינע באַהעפטן... דבורה'לע... צאַרטע בלום...

ד ב ו ר ה : (ווי אין היפּנאָטישן צושטאַנד, לאָזט זיך אַלעס טאָן, פליסטערט) זיי נישט טרויעריק.. זיי נישט טרויעריק...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : דו — חוה, איך — אדם... מיר זיינען איצט אין גן־עדן... דו ביזט — די בלום, איך — דער שמעטערלינג... זאָל דער שמעטערלינג געניסן פון בלומען־דופט איידער די זון גייט אונטער... (עס ווערט וואָס אַמאָל טונקעלער, פון צווישן די בוימער באַווייזט זיך פון צייט צו צייט דער קאָפּ פון אינדיאַ) זע, די נאַכט פאַלט צו... (פּרעסט זי צו זיך, קושט זי) דבורה'לע־חוה... דו ביזט פאַר מיר אין מיין איינזאַמקייט אויפגעלויכטן ווי זיבן זונען! דבורה'לע־חוה... נעם אַרום דיין אדם... פּרעס אים צו זיך.... איצט געהער די וועלט צו אדם און חוה... אַליין זיינען מיר אין גן־עדן און מיר דאַרפן זיך צוזאַמענפלעכטן ביידע איינס... ביידע איינס...

ד ב ו ר ה : (נעמט אים אַרום, טוליעט זיך ציטערדיק צו אים) זיי נישט טרויעריק... זיי נישט טרויעריק...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : קום... טיפער אין גאָרטן... לאָמיר זיך באַהאַלטן צווישן די צווייגן... דבורה'לע־חוה... קום צו דיין אדם... (ער רוקט זיך זיצנדיק ביז אָפּ, האַלטנדיק זי פאַר אַ האַנט, ציט ער זיך ביז אָפּ. עס איז שוין גאַנץ טונקל).

א י נ ד י ק : (באַווייזט זיך פון הינטער דער באַנק, באַטראַכט אַ לאַנג מעסער, קוקט ווילד צו די פּאַמעראַנצן־בוימער, מאַכט אַ טריט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַהין צו זיי, וואַרפט אַ בליק צו די בלומען, געענדערט, רייסט אויס עטלעכע פון זיי, שלינגט זיי אַראָפּ, גייט נענטער צו די בוימלעך, קוקט ווילד ווי דבורה יז פאַרשוואונדן, באַטראַכט נאָכאַמאָל ס'מעסער, און ווען ער וויל אָפּ, פּאַקט אים אַ קאָנוואולסיווער שמערץ, ער ציט זיך צוריק, באַהערשט זיך, וויל ווידער אָפּ, די פיס ציטערן אים, ענדלעך פאַלט ער ביז אָפּ).

ד ב ו רה (הינטער די קוליסן) לאָזט מיך נישט אַליין!...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (פירט דבורה'ן אויף דער בינע) דער שמעטערלינג האָט פון דער בלום גענאָסן, איידער די נאַכט איז צו־געפאַלן...

ד ב ו ר ה : (פּרעסט זיך צו אים ווי אין שרעק, די לבנה באַלייכט דעם גאָרטן מיט מאַטן ליכט) לאָזט מיך נישט אַליין, איך האָב מורא...

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (באַפרייט זיך פּאַמעלעך פון איר) האָב קיין מורא נישט, דבורה'לע... גיי אריין אין שטוב, דער טאַטע וועט זיכער באַלד קומען; — און איך מוז מיך לאָזן אין וועג אריין...

ד ב ו ר ה : (דערשיטערט) אין וועג אריין!.. — בלייבט כאָטש ביז מאָרגן!.. (לענט זיך ציטערדיק אָן אים)

ש מ ע ט ע ר ל י נ ג : (באַפרייט זיך פון איר) טראַכט, אַז דו האָסט רחמנות געקריגן מיט אַ שמעטערלינג, האָסט זיך געשפּילט מיט אים... איצט איז נאַכט, דער שמעטערלינג איז טויט... (נעמט דעם קאָפּעלאוש) אַ גוטע נאַכט. זיי גליקלעך און געדענק אָן דעם שמע־טערלינג ועמען, דו האָסט נייע פליגל געשענקט. אַ גוטע נאַכט...

(גייט אָפּ לינקס)

ד ב ו ר ה : (גלויבט נאָך אַלץ נישט, זי וויל אים נאָכגיין, די פיס ציטערן איר און ביי דער באַנק אונטערן פענסטערל ברעכט זי צוזאַם, צע־וויינט זיך האַסטיק).

פ אָ ר ה אַ נ ג

דאָמינגעז, (ענטרע־ריאָס) 1923

# אויפן קאַמף

## אַ בילד אין 1 אַקט.



צווייטע אויפלאַגע

פאַרלאַג
„דער קונדאַס"
בוענאָס איירעס
1933

ערשטע אויפלאַגע 1100 עקזעמפּליאַרן אַרויסגעגעבן פון
„ אַ ר ט י ס ט י ש  ו ו י נ ק ע ל ע “ בוענאָס איירעס 1924.

אויפגעפירט צום ערשטן מאָל דורכן דראַמקרייז „ אַ ר -
ט ע ס ט י ש  ו ו י נ ק ע ל ע “ בוענאָס איירעס 1924.
„ אַ ר ט ע ס ט י ש  ו ו י נ ק ע ל ע “ בוענאָס איירעס 1924.
ל ע נ ס י אַ “ ב. איירעס 1924.

פ א ר ש ו י נ ע ן :

קלמן — — — — — א קאַלאָניסט

שרה'קע — — — — — זיין טאָכטער, 17 יאָר אַלט

יונה — — — — — א שכנישער קאַלאָניסט

ברוך — — — — — זיין זון, 20 יאָר אַלט.

די האַנדלונג קומט פאָר אין א קאַלאָניע, פאַר קלמנס שטוב נאָכמיטאָג.

(טיף אינדערמיט, דער אריינגאַנג אין שטוב, פונדרויסן איז די וואַגט ווייס אָנגעקאַלכט. נישט ווייט פון טיר, צו דער לינקער זייט, אַ פענסטער מיט ווייסע פאַרהענגלעך פאַרהאַנגען. צו דער רעכטער זייט, אויפן וואַנט, הענגט אַ גרויסער בלעכערנער טאָפּ מיטן דנאָ (בוידעם) צום פראָנט, אויף דר'ערד רעכטס, אַ כאָמעט, לייצעס, זאָטלען, אנגעוואָרפן אין אומאָרדענונג, ביים אָפּגאַנג רעכטס, 2 אייזערנע שטאַנגען פערד אָנצובינדן. לינקס, דער וועג צום טראַקט, רעכטס — צו די פעלדער. פאָרנט רעכטס, אַ שטיקל ווענטל פון אַ בלעכערנעם גאַלפּאָן (שייער) וועלכער געפינט זיך הינטער דער בינע. פאַר דער טיר, אַ הילצערנע באַנק).

ק ל מ ן : (הינטער דער בינע) טפּררר... העי! הו-האַ! ששש... טפּררר!.. — שרה'קע! שרה'קע! שנעל, קום ארויס! (ווי בעטנדיק) האַ-הו....

ש ר ה ' ק ע : (ווי צו דער אַרבעט, דאָרפיש אָנגעטאָן, 2 לאַנגע שוואַרצע צעפּ, אַנטוויקלט, מיט אַ געזונט, אַביסל אָפּגעברענט פּנים. קומט ארויס פון שטוב, לויפט שנעל אָפּ רעכטס) העי! דושקאַ! ששש.. האַ־האָ!..

ק ל מ ן : לאָז אים לויפן! דאָס איז דאָך גאָר קיין פערד ניט, אַ מזיק איז דאָס!..

ש ר ה ' ק ע : האַ־האָ, דושקאַ! כאַ־כאַ, ווי ער לויפט, אַ וואוילער פערד, בנאמנות!..

ק ל מ ן : (אַ שוואַרצע באָרד, צעשויבערטע האָר, דער אַרבל ביים רעכטן אַקסל אַוועקגעריסן, קומט פון רעכטס, האַלט זיך ביים אַקסל) כ'האָב דאָך געמיינט, ער רייסט מיר די האַנט אויס! אַ מזיק...

ש ר ה ' ק ע : (ברענגט אַ זאָטל, וואַרפט אים ארויף אויף די איבעריקע) אַ וואוילער פערד. מ'מוז נאָר וויסן ווי זיך מיט אום אומצוגיין.

ק ל מ ן : וואָס האָב איך אים דען געטאָן? כ'וויל אים פרואוון

זאָטלען און ער קען שוין נישט איינשטיין און נעמט זיך גאָר בייסן...
דו זעסט, אַ האַלבן אַרבל אָוועקגעריסן...

ש ר ה ' ק ע : ער איז נאָך יונג; איך וועל אים שוין אויס־לערנען גיין אין די לייצעס....

ק ל מ ן : כע-כע, ביזט אויך אַ נישט־פּשוט'ער מזיק פון אַ מויד! (קלאַפּט איר אין פּלייצע) ביזט אַ כוואַט, אַ מויד, אַ יונגאַטש!..

ש ר ה ' ק ע : (לאַכט) כ'בין אַ טאָכטער פון מיין טאַטן... — גייסט אַריין טרינקען אַ מאַטע?

ק ל מ ן : האַ־האָ! די בהמות האָבן דאָרט די צוים צעליגט און איך מוז עס צוריק אַלאַמבירן. (מאַכט אַ טריט צום אָפּגיין) און ביי וואָס פאַרברענגסטו איצט?

ש ר ה ' ק ע : איצט פיר איך אַ מלחמה מיט די מוראשקעס; די גאַנצע שטוב האָבן זיי דאָך פאַרפּלייצט!

ק ל מ ן : (האַלט זיך ביים אַקסל) אַ ווילד באַשעפעניש....

ש ר ה ' ק ע : ס'טוט דיר דען וויי? ווייז נאָר אַהער, כ'וועל אַ קוק טאָן. (באַטראַכט דעם אַקסל) ע, ס'איז גאָרנישט, בלויז דעם אַרבל אָוועקגעריסן...

ק ל מ ן : ביזט אויך נישט קיין קליינער מזיק... (אָפּ רעכטס).

ש ר ה ' ק ע : (שרייט נאָך) טאַטע! וועסט אַריינגיין צו יונה'ן? פאַרבעט אים אַהער אויף אַ מאַטע!

ק ל מ ן : (פון ווייט) מיינסט טאַקע יונה'ן, אָדער ברוך'ן? גוט איך וועל יונה'ן מיטברענגען....

ש ר ה ' ק ע : (ווי פאַר'ברוגז'ט, וואַרפט די זאָטלען און לייצעס אויף אַ קופּע נעבן גאַלפּאָן־ווענטל, בלייבט אַ ווײַלע פאַרטראַכט, פלוצלונג קומט איר אַ געדאַנק אין זינען, זי לויפט שנעל אין שטוב, קומט אַרויס מיט אַ קאַרטאָן־טרובע, גייט צו רעכטס, שרייט דורך דער טרובע:) ברוך! ב—רו—ך !... (וואַרפט אַוועק די טרובע, לויפט פריידיק אַרום זוכן אַ פּלאַץ פאַר אַ באַהעלטערל, ענדלעך בויגט זי זיך אַראָפּ הינטער דער אָנגעוואָרפענער קופּע, האַרט ביים גאַלפּאָן).

ב ר ו ך : (פון ווייט) שרה'קע! וואו ביזטו? שרה'קע!..

ש ר ה ' ק ע : (לאַכט פאַרשטיקט)

ב ר ו ך : (נענטער) שרה'קע, ווען דו ווייזט זיך נישט, פאָר איך אהיים. . .

ש ר ה ' ק ע : (פון באַהעלטערל) וואָס ווילסטו? (לאַכט).

ב ר ו ך : (קומט אָן צו רייטן, אנגעטאָן אַ ווייס אַרבעטער־העמד מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, די קאַשטאַנען־פאַרביקע האָר פון ווינט צעפלאָסן, ס'פּנים שטאַרק אָפּגעברענט. — שפּרינגט האַסטיק אַראָפּ פון פערד, בינדט עס צו צום שטאַנג) שרה'קע! (קוקט זיך אום, גייט אריין אין שטוב) שרה'קע (קומט ארויס) נישט אַנדערש, נאָר אַ שד זיצט אין דיר! וואו ביזטו?

ש ר ה ' ק ע : (קלאַפּט אויף דער בלעכערנער וואַנט, טראַציק) דאָ!

ב ר ו ך : אוי, אַ גדולה אויף דיר, שרה'קע! (לויפט צו, זי לויפט אַוועק, זיי יאָגן זיך ארום דער קופּע, ביז שרה'קע זעצט זיך האַסטיק אויף דער באַנק, ברוך כאַפּט זי ארום, זעצט זיך נעבן איר) איך האָב דיך!

ש ר ה ' ק ע : פאַרוואָס לאָזטו נישט אָפּ ס'פערד?

ב ר ו ך : כ'דאַרף באַלד צוריקפאָרן. זעסט מיינע הענט? פון פיר אַזייגער אינדערפרי אַרבעט איך און גאָרנישט. עס איז נאָך דאָ אַרבעט איבערן קאָפּ. נאָר ס'מאַכט נישט. אויף אַ מינוטקעלע האָב איך זיך ארויסגעריסן פון די האָלאָבליעס...

ש ר ה ' ק ע : (ברוגז) אויף אַ מינוטקעלע... קאָנסט שוין צוריקפאָרן. קלערסט אַז איך בענק נאָך דיר אַזוי שטאַרק?

ב ר ו ך : (כאַפּט זי ארום) אָבער איך בענק דאָך! איך ווער דאָך די כפּרה פאַר דיר! (זי וויל זיך באַפרייען) נו שוין. אָט לאָז איך אים אָפּ און בין דאָ ביי דיר ווילאַנג דו ווילסט... (בינדט אָפּ ס'פערד, פירט עס אָפּ רעכטס) האַ־הו!... (קומט צוריק) נו, ביזטו שוין ניט ברוגז?

ש ר ה ' ק ע : (אויפגעלעבט) ווער איז דען ברוגז געווען? אַז דו זאָגסט אַ מינוטקעלע... אַזוי לייכט... גאָרנישט... מיך באַרעכנסטו גאָרנישט...

ב ר ו ך : וואָס, איך באַרעכן דיך נישט? דו הערסט, שרה'קע,

בייטאָג און ביינאַכט טראַכט איך נאָר פון דיר! ווען איך אַרבעט, ווען איך רו, שרה'קע! אַ שד זיצט אין דיר! ביזט אַ פּייערדיקע מויד! ערשט היינט אינדערפרי, אינמיטן דער בעסטער אַרבעט, איז אויף מיר פּלוצלונג אָנגעפאַלן אַזאַ בענקעניש, אַז עס האָט זיך פּשוט געוואָלט אַלעס ווארפן און קומען צולויפן...

ש ר ה ' ק ע : אַזוי איז גוט. נאָר דו דאַרפסט נישט זיין אַזאַ ווילדער. שוין ווארפן די אַרבעט און קומען צולויפן! מען טאָר נישט אַזוי... ווער וועט טאָן די אַרבעט?..

ב ר ו ך : אַז איך בין שוין אַזוי! נעכטן ביינאַכט, האָב איך גע'חלומט פון דיר, און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך זיך פון בענקשאַפט ס'העמד אויפן לייב צעריסן...

ש ר ה ' ק ע : שעם זיך, אַזוי צו רעדן...

ב ר ו ך : (נעמט זי אַרום) און דו, שרה'קע? טראַכסט עפּעס וועגן מיר?

ש ר ה ' ק ע : צו וואָס דאַרפסטו עס וויסן?

ב ר ו ך : איך וויל דאָס וויסן. דאָס וועט אין מיר אַריינגעבן כחות. הערסט, שרה'קע, איך וועל דאָס גאַנצע פעלד צעאַקערן פון פרייד! איך וועל... שרה'קע! זאָג, טראַכסט עפּעס פון מיר?

ש ר ה ' ק ע : (פאַרשעמט, שווייגט).

ב ר ו ך : שרה'קע! אַ גדולה אויף דיר! דו שעמסט דיך? זאָג, טראַכסט עפּעס וועגן מיר?

ש ר ה ' ק ע : (לויפט פּלוצלינג אַפּ אין שטוב, ברוך בלייבט אַנ־טוישט, באַלד קומט זי צוריק אַרויס, האַלט אַ זיידענעם אויסגעהאַפטענעם רייט־גאַרטל אין האַנט, ווייזט ברוך'ן).

ב ר ו ך : (איבעראַשט) וואָס זאָל דאָס זיין?

ש ר ה ' ק ע : אַ סימן.

ב ר ו ך : אַז וואָס?

ש ר ה ' ק ע : אַז... וואָס מאַכסטו זיך נישט פאַרשטיין?

ב ר ו ך : איך פאַרשטיי נישט; אויף מיין נאמנות, אַז איך פאַרשטיי נישט...

ש ר ה ' ק ע : אַ סימן, אַז איך טראַכט פון דיר... (שנעל אַפּ).

ב ר ו ך : (ווישט אָפּ די הענט, באַטראַכט אַ ווײַלע דעם גאַרטל) שרה'קע! וואָס ביזטו אַנטלאָפן? (לויפט אָפּ צו איר) שעמסט זיך ווי אַ לעמעשקע... קום אַרויס. (פירט זי אַרויס, זעצט זיך אויף דער באַנק) שרה'קע! אַ שד זיצט אין דיר!...

— ש ר ה ' ק ע : דו זאָגסט מיר אַפילו נישט אויב ער געפעלט דיר!...

ב ר ו ך : (שטייט אויף) אויב ער געפעלט מיר? (מעסט אים אָן) איך וועל דאָך אין דעם גאַרטל אויסזען ווי דער רייכסטער קאָלאָניסט!...

ש ר ה ' ק ע : איך האָב געוואוסט, אַז מיט דעם וועסטו זיך פרייען... זעסט, דאָ איז אַ טעשל אויפן זייגער; דאָ — אויפן רעוואָלווער, דאָ — אויף געלט און דאָ, אויף ביידע זייטן, זעסט, עס איז שוין אָנגעצייכנט: דאָ וועל איך אויסהאַפטן זיידענע בלימלעך און די אותיות פון דיין נאָמען אינדערמיט...

ב ר ו ך : (טאַנצט פון פרייד) שרה'קע! איך בין די כפרה פאַר דיר! איך וועל היינט מאַכן אַ גרויסע שמחה! איך וועל צונויפטרייבן אַלע מיינע פערד און וועל זיי געבן האָבער צו פרעסן! זאָלן זיין וויסן, אַז היינט איז ביי מיר אַ שמחה! (זעצט זיך צוריק) ווי אַזוי איז דיר עפּעס גראַד דאָס איינגעפאַלן?...

ש ר ה ' ק ע : פון וואָס האָב איך דען צו טראַכטן? אַ גאַנצן טאָג, די אַרבעט... אינדערפרי, שפּייזן די עופות... דערנאָך, אַביסל אויסרייטן מיט דושקאַ; ער לאָזט זיך דאָך פון קיינעם נישט צוכטן! דערנאָך אין גאָרטן, די מוראַשקעס פאַרטיליקן. דערנאָך... — עס בענקט זיך דאָך! צו שווערע אַרבעט לאָזט מיך דער טאַטע נישט צו... טאָ שפּיל איך זיך און טראַכט...

— ב ר ו ך : פון וואָס, פון וואָס טראַכסטו?

ש ר ה ' ק ע : פון... יאָ, ווי אזוי עס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק פאַר דיר אַ גאַרטל אויסצוהעפטן; איך האָב דיך אַמאָל געזען אויף דעם יונגן לאָשיק רייטנדיק. ער איז מיט דיר געפלויגן ווי אַ שטורעם־ווינט איבער גריבער און צוימען און ביי יעדן ווילדן שפּרונג, האָט מיר ס'האַרץ געקלאפּט, עס האָט מיר געשיינט, אַז אָט־אָט, און ער וואַרפט דיך אַראָפּ... נאָר דו ביזט אזוי פעסט און זיכער געזעסן אויף אים... דו האָסט דעמאָלט אונטער דעם גאָלד־גלאַנץ פון דער זון אַזוי מאָדנע אויסגעזען... איז מיר פּלוצלינג געקומען אויפן זינען פאַר דיר אַ שיינעם רייט־גאַרטל אויסצוהעפטן...

ב ר ו ך : (נעמט זי ארום) ביזט אַ וואוילע מויד! איך וועל דעם גאַרטל אָפּהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. נאָר אַמאָל, אַמאָל, ווען איך וועל פאָרן צו מיינע חברים אין די שכנהשע קאָלאָניעס, וועל איך אים אָנטון און זאָלן זיי זען וואָס שרה'קע האָט פאַר מיר געמאַכט; זאָלן זיי זען וואָס שרה'קע קאָן!... שרה'קע! מיין האַרץ צאַפּלט זיך אין מיר פון פרייד! איך מוז דיך צעקושן! (פרעסט זי צו זיך, וויל זי קושן).

ש ר ה ' ק ע : (שטייט אויף, פאַרשטעלט אים מיט דער האַנט ס'מויל) האָ־הו!... נישט געאיילט זיך, דאָס מוז מען לאָזן אויף יום־טוב!...

ב ר ו ך : (געטראָפן) ביזט אַ שלעכטע...

ש ר ה ' ק ע : ביזט אַ ווילדער, ברוך'קע. נישט בחנם האָט מיר דער טאַטע געזאָגט, איך זאָל זיך פאַר דיר היטן...

ב ר ו ך : וואָס הייסט דו זאָלסט זיך היטן?

ש ר ה ' ק ע : זע נאָר ווי ער האָט זיך דערשראָקן! איך דאַרף זיך נאָר היטן ביז ס'וועט עפּעס זיין צווישן אונז; דעמאָלט וועט זיין יום־טוב...

ב ר ו ך : טאָ וואָס פאַרברענגט מען? איך זאָג מיין טאַטן, דו הערסט, שרה'קע, איך זאָג מיין טאַטן, אַז איך וואַרט נישט מער! זאָל מען שטעלן אַ חופּה כּדת משה און ס'וועט זיין יום־טוב! שרה'־קע! איך וועל דאָך צעפּלאַצט ווערן!...

ש ר ה ק ע : גיי, ביזט א ווילדער... (עס הערט זיך קלמנס קול)
אוי, דער טאטע גייט!... (כאפט דעם גארטל, שנעל אפ אין שטוב).
ק ל מ ן : (הינטער דער בינע) צעשפילט זיך דאס יונגע בלוט...
י ו נ ה : אנטגעגן ווי קלמן, נאר רויטע האר און בארד, ערטערווייז גרא, קומט אן, נאך אים קלמן) אזוי... ביזטו גאר דא... (בלייבט שטיין, באטראכט ברוך'ן).
ב ר ו ך : (שפילט זיך מיט דער רייט־בייטש).
י ו נ ה : האסט שוין גארנישט וואס צו טון?...
ב ר ו ך : (געפאסט) הערסט, טאטע? איך וויל א סוף מאכן דערצו. איך קאן לענגער נישטווארטן...
י ו נ ה : וואס קאנסטו דאס נישט ווארטן און צו וואס ווילסטו א סוף מאכן?
ב ר ו ך : איך וויל חתונה האבן!
י ו נ ה : הא? וואס זאגסטו, קלמן, צו דעם ווילדן לאשיק?
ק ל מ ן : ווענעמען האסטו דיר דאס אנגעקליבן?
ב ר ו ך : ווי הייסט ווענעמען? שרה'קע! וואס האסטו זיך באהאלטן? — טאטע, א סוף מוז עס נעמען. איך וויל חתונה האבן!
י ו נ ה : (כאפט זיך צום פאסיק) יונגאטש! אהיים צו דער ארבעט! — האט זיך אים פארגלוסט אינמיטן דרינען חתונה האבן... אהין! אויפן פעלד!...
ק ל מ ן : (האלט אים צוריק) נו־נו, נישט גע'כעסט זיך. ווייז נישט ארויס דעם כהן, צדיק מיינער. דו אין זיינע יארן, האסט זיך נישט געריסן פון די כאלאבאליעס?
ב ר ו ך : איך שרעק זיך נישט, טאטע. איך וועל נישט ארבעטן, איך וועל נישט עסן, איך וועל נישט... איך וויל חתונה האבן!
י ו נ ה : (אין כעס, וויל ארויסרייסן אן אייזערנעם שטאנג) שוויג! פרנסה קאנסטו שוין געבן? (קלמן בארואיקט אים).

ב ר ו ך : וואָס, איך קאָן נישט? ווער צעאַקערט, ווער פאַר־זייעט די פעלדער? דו בייזט דאָך שוין...

י ו נ ה : (רייסט זיך) לאָז מיך! איך וועל אים אַביין איבער־ברעכן!...

ק ל מ ן : האָ־האָ! דער כהן האָט זיך שוין אין אים צע־שפּילט...

ש ר ה 'ק ע : (קומט אַרויס מיט אַ טישל, שטעלט עס אַוועק נעבן דער באַנק) שוין ווידער אָנגעצונדן די געמיטער? גייט אַהער, זעצט אייך בעסער טרינקען אַ מאַטע.

י ו נ ה : (קוקט אויף שרה'קען, באַרואיקט זיך) האָסט אַ מזל...

(זעצט זיך אויף דער באַנק, קלמן נעבן אים).

ק ל מ ן : ברענג אַרויס עפּעס צום פאַרבייסן. (שרה'קע אַפּ).

ב ר ו ך : (שטייט אָנגעשפּאַרט אַז גאַלפּאַן, שפּילט זיך מיט דער בייטש).

י ו נ ה : קום אַהער תכשיט מיינער...

ב ר ו ך : (ווי נישט הערנדיק).

ק ל מ ן : האָסט זיך נישט וואָס צו שעמען, קום אַהער...

ש ר ה 'ק ע : (קומט אַרויס מיט אַ שטול, אַ טעלער קיכלעך, שטעלט עס אַוועק, צוריק אַפּ).

י ו נ ה : מען בעט'ן צום מנין, האַלט ער זיך דערונטער...

ק ל מ ן : לאַשיק, מאַך נישט קיין פוילע שטיק, קום אַהער.

ב ר ו ך : (קומט צו, זעצט זיך אויפן שטול) איך באַשטיי אויף דאָס מייניקע...

ק ל מ ן : ווער זאָגט דיר דען עפּעס?

י ו נ ה : ווי הייסט, ווער ס'זאָגט? וואָס איז, איך בין קיין טאַטע נישט? ווער האָט אים אויפגעהאָדעוועט, ווער?...

ק ל מ ן : (בייזלעך) איז וואָס, געפעלט אייך אפשר נישט מיין יחוס?

ש ר ה 'ק ע : (קומט אַרויס מיט אַ טשייניק זידנדיק וואַסער און

מאַטע־בליב, מאַכט אַ מאַטע, גיט יונה׳ן און שטעלט דעם טשייניק אויפֿן טיש.
ווען יונה טרינקט אויס, גיסט ער אן פֿאַר קלמנען, קלמן פֿאַר ברוד׳ן און אזוי
ווייטער ארום און ארום).

י ו נ ה : (טרינקט) וואָס איז, אַ רב בין איך ?

ק ל מ ן : אַ געזונט זאָל אויף דיר קומען ! וואָס מאַכסטו
ווידער אַזעלכע שטיק ?

ש ר ה ׳ ק ע : (אָפּ אין שטוב, אַ ווײַלע שפּעטער באַווייזט זי זיך ביי
אַ שטיקעל אַוועקגעשאַרט פֿאַרהענגל, קוקט זיך איבער מיט ברוד׳ן).

י ו נ ה : איז דען אויסער יחוס נישטאָ וואָס אדורכצורעדן ?
אַזוי גלאַט וועלן צוויי יונגע צוצאַקעס נעמען און חתונה האָבן...
און פּרנסה ?...

ק ל מ ן : וואָס קלערסטו ווידער ? איך וועל מיין שרה׳קען,
מיין אויג אין קאָפּ, גלאַט ארויסשטעלן פון שטאָל און לאָזן זי הפקר
אויפֿן ווינט ? ווען האָב איך דען אויסער איר ? — מיינע צוויי
זין האָבן דאָס פעלד, די בהמות מיטן טאַטען אַוועקגעוואָרפן, די
שטאָט האָט זיך זיי פֿאַרוואָלט, זענען זיי נישט מער מיינע זין...
(ווישט אָפּ אַ טרער) מיין אידענע... (שטייט אויף) נישט באַשערט גע־
ווען איר דער נחת... (דרייט זיך אַוועק, ווישט די טרערן, זעצט זיך צוריק)
און שרה׳קע, דאָס איז דאָך מיין אויג אין קאָפּ. ווען דו זעסט,
דושקא האָט זיך היינט צעקאַפּריזעוועט און האָט מיר אַ האַלבן
אַקסל ארייננגעכאַפּט; א י ך האָב אים נישט געקאנט בייקומען, איז
זי צוגעקומען און קיין רגע האָט נישט געדויערט ווי זי האָט אים
אָפּגעריסן פון מיר... אַ מויד, אַ כוואַט !...

ב ר ו ד : (האָט אויסגעטרונקען די מאַטע, שטייט אויף).

י ו נ ה : וואו גייסטו ?

ב ר ו ד : כ׳גיי כאַפּן „סאס׳ן", כ׳האָב אים דאָ אָפּגעלאָזן...
(אָפּ).

י ו נ ה : (טרינקט) איך האָב דען עפּעס צו שרה׳קען ? מען
דאַרף דאָך אָבער טראַכטן וועגן מאָרגן !

ק ל מ ן : האָב איך דאָך געזאָגט; כ׳וועל זי אזוי נישט ארויס־שטעלן...

י ו נ ה : מיין ברוך, מוזטו וויסן, איז נישט אבי־ווער... ער איז מיין זון; און ארבעטן קאן ער, אויף מיר אזא יאָר.

ק ל מ ן : פאר מיר דארפסטו אים לויבן? הער, איך האָב בארעכנט. איך פארשרייב אויף שרה׳קעס נאָמען 50 העקטאר לאנד, אויסערדעם עטלעכע פערד, בהמות...

י ו נ ה : (שטייט אויף, ברוגז) אָט האָסטו דיר, 50 העקטאר!... איך האָב געוואוסט וואָס דו ביזט, נאָר אז דו ביזט אזא דבר־אחר... (גייט צו רעכטס) ברוך׳קע!...

ק ל מ ן : פונדעסטוועגן דארפסטו זיך נישט אזוי צערעווען; וואָס האָב איך דיר דאָ... איך האָב דיר די קרוין גערירט?...

י ו נ ה : (שרייט) ברוך׳קע! שנעל אהיים!...

ק ל מ ן : א כעסן איז ערגער פון א משוגע פערד!... וואָס האָסטו זיך גענומען רייסן ווי א הונט אויף דער קייט?

י ו נ ה: א הונט ביזטו קודם אליין. 50 העקטאר... דאָס איז מ י י ן זון! א י ך האָב אים אויפגעהאָדעוועט! וואָס איז פאר אים 50 העקטאר?

ק ל מ ן : לאָזט זיך דאָך רעדן! וועל איך געבן 60, 70, דו ווייסט דאָך וואָס איך פארמאָג; ווילסטו מיר דען די וויים־לעכץ פון די אויגן ארויסנעמען?

י ו נ ה : (בארואיקט זיך, גייט צוריק אויף זיין פּלאַץ) זאָל איך דיין כפרה ווערן, אויב איך וויל דיר אן עולה טון...

ק ל מ ן : טא וואָס ווארפסטו זיך ווידער אזוי? ברוגזט זיך און זידלסט...

י ו נ ה : ווער ווארפט זיך און ווער זידלט זיך? איך רעד דאָך ווי א מענטש!

ק ל מ ן : הכלל, איך פארשרייב אויף מיין טאָכטערס נאָמען א העלפט פון מיין פארמעגן. איז דיר גוט? — און דו...

י ו נ ה : וואָס, וואָס איך?

ק ל מ ן : ווי הייסט, דו ווילסט זיך איינגאַנצן ארויסדרייען?

י ו נ ה : (שטייט אויף אין כעס) אפשר זאָל איך דיר נאָך צו־צאָלן? הער נאָר דאָ, איבערשרייבן אויף דער טאָכטערס נאָמען! און אויף ברוך'ן האָסטו, הייסט עס מורא! וואָס איז, אַ ווילדער איז ער? דאָס איז מיין זון! איך האָב אים אויפגעהאָדעוועט! (גייט צו רעכטס) ברוך'קע!... דו הע־ע־ע־ר־סט? דיין געביין זאָל דאָ מער נישט אהערקומען!...

ק ל מ ן : (גייט צו נאָנט צו יונהן) דו הערסט, ביזט אַ רויטער רוצח און אַ גרויסער חזיר דערצו!...

י ו נ ה : ווען זאָגסטו דאָס? מיר? קוקט נאָר אָן דעם צדיק, מען קאָן דאָך אין דיין ליכטיקער צורה נישט אריינקוקן!

(שטופּט אים אָפּ, קלמן ווערט זיך).

ב ר ו ך : (קומט אַן) האָ־הו!... די אַלטע האָבן זיך שוין צע־בריקעוועט... נו, שוין גענוג!... (טיילט זיי פאנאנדער).

י ו נ ה : (רייסט ברוך'ן ארויס די בייטש, גיט אים אַ שמיץ) די מינוט זאָלסטו אהיימגיין! איך וועל דיר די ביינער איבערברעכן אויב דו גייסט נאָך א י י נ מ אָ ל דאָ אהער! (שטופּט ברוך'ן אָפּ) הע־הע! האַלט זיך מיט דיין טאָכטער ביז איך וועל דיר צוצאָלן צון איר... (אָפּ).

ק ל מ ן : בלייבט שטיין אַפּהענטיק, קראַצט זיך אין קאָפּ, דרייט זיך אויס, דערזעט ער שרה'קען ביים פענסטער אַ וויינענדיקע) טראָג דאָס אַלץ אריין.

ש ר ה ' ק ע : קומט ארויס, נעמט איינציק אריין די כלים, טיש און שטול, אין דער צייט דרייט זיך קלמן נערוועז היין און צוריק, ביז ער זעצט זיך אויף דער קופּע, פארטראַכט).

ק ל מ ן : (שטייט האַסטיק אויף) דו הערסט שרה'קע! זיין געביין וויל איך דאָ מער נישט זען!... דערזעט זי וויטער אַ וויינענדיקע ביים פענסטער) שרה'קע, וואָס איז מיט דיר? קום נאָר ארויס...

שרה׳קע: (קומט אַרויס, גייט צו טרויעריק, שווייגט).

קלמן: דו מאַכסט מיך פּאַר אַ לעמעשקע... איך וואָלט דאָך אים דאָ די ביינער צעבראָכן! איי, אַ געזונט אויף דיר! ביסטו אַ מזיק... (גלעט איר דעם קאָפּ) וואָס שעמסטו זיך? ווילסטו אים טאַקע?

שרה׳קע: (צעוויינט זיך).

קלמן: (כאַפּט אַ זאָטל, וואַרפט אים מיט כעס אויף דר׳ערד) אַז דער רוח זאָל אים נעמען, דעם רויטן רוצח! (אָפּ אויף רעכטס, עס הערט זיך זיין שרייען:) יונה! יו—נה! שטע—ל זי—ך אָ—פּ, איך גיי צו די—ר!...

שרה׳קע: (גייט אַריין אין שטוב, קומט באַלד צוריק אַרויס, באַטראַכט דעם זיידענעם גאַרטל, זעצט זיך אויפן באַנק, צעוויינט זיך).

ברוך: (באַווייזט זיך פון לינקס, דערזעט שרה׳קען, שפּרינגט ער צו, כאַפּט איר האַנט) שרה׳קע, פּע! וויינען גאָר... ווער הערט זיי דען, ווער?

שרה׳קע: ביזט גאָר דאָ? און פון דער זייט...

ברוך: איך האָב זיך געזעצט רייטנדיק, בין איך ווי אַ פייל געפלויגן, האָב איך פלוצלינג גענומען פילן, אַז דו ביזט איצט טרויעריק... האָב איך אויסגעדרייט, אריבערגעשפּרונגען די אַלאַמ־ ברעס, און דורכן טראַקט צוריקגעקומען. — וואָס האַלסטו עפּעס דעם גאַרטל?

שרה׳קע: גאָרנישט... אַזוי,... מעסט אים צו...

ברוך: אוי, שרה׳קע! אַ גדולה זאָל אויף דיר קומען! (טוט אָן דעם גאַרטל). זע נאָר ווי ער פּאַסט מיר!

שרה׳קע: דו האָסט אַ שלעכטן טאַטן...

ברוך: אַז ווער פרעגט אים דען? וואָס איז, איך האָב נישט צוויי געזונטע הענט? איך קאָן נישט אַרבעטן מיטן אַקער? שרה׳קע! זאָל איך שוין ווערן די כּפּרה, אויב איך וועל נישט מיט דיר חתונה האָבן, און טאַקע באַלד! דו הערסט, שרה׳קע, איך קאָן לענגער אָן דיר נישט לעבן! אַ שד זיצט אין דיר! דו האָסט מיך

פאַרכישופט! — אַ, זע נאַר, שרה'קע, דער גאַרטל! איי, שרה'קע! איך קאָן לענגער נישט אויסהאַלטן!... (כאַפּט זי אַרום, קושט זי, עס הויבט אָן טונקל ווערן).

שרה'קע: (באַפרייט זיך) מ'טאָר נישט... דאָס מוז מען לאָזן... ברוך'קע... לאָז אָפּ...

ברוך: וואָס מוז מען לאָזן? איך וויל נישט. איך לאָז דיך נישט אָפּ!... (קושט זי, שרה'קע וויל זיך באַפרייען, ראַנגלט זיך, ענדלעך פאַרלירט זי זיך, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט. — וואָס אַמאָל טונקעלער).

ברוך: אַזוי... איצט וויל איך דיר יעדעס ביינדל אויסקושן... מיינע וועסטו זיין... טוליע דיך צו צו מיר... היינט איז אונזער יום-טוב!... איצט האָט זיך אונזער יום־טוב אָנגעהויבן און אייביק וועט ער זיך ציען... שרה'קע, זאָג... האָסט מיך ליב?...

שרה'קע: (ווי אין חלום) זער, זער ליב... (טוליעט זיך צוטערדיק צו אים).

ברוך: (נעמט זי אויף די הענט, וויגט זי) איך שטאַרב פאַר דיר! איך בין די כפּרה...

שרה'קע: (כאַפּט אים אַרום האַלז, קושט אים) ברוך'קע... יום־טוב... יום־טוב איז איצט... נעם מיך... דריק מיך פעסט צו זיך... פעסטער... איך בין דיין... דיין...

ברוך: (האַלט זי אויף די הענט, שטייט אויף, קוקט זיך אום, עס איז שוין גאַנץ טונקל. — טראָגט זי פּאַמעלעך אַריין אין שטוב, אָפּגעייענדיק:) איצט איז יום־טוב... אונזער יום־טוב... יום־טוב...

פאָרהאַנג.

באָסאַווילבאַסאָ, (ענטרע ריאָס) 1923.—

# אין פעלד־שפיטאַל

א בילד אין איין אַקט.




פאַרלאַג

„דער קונדראַס“

בוענאָס איירעס, 1933.



נ צ ו ק ע ר „פאר דראמקרייז. 7.

פאַרשוינען:

איינהאַנטיקער
דער בלינדער (פאַרוואונדעטע זעלנער)
דער מיטן קאָפּ-שום
הערמינע (קראַנקן-פלעגערן)
מיליטער-דאָקטאָר

האַנדלונג: אין אַ באַראַק-שפּיטאָל נישט ווייט
פון מלחמה-פראָנט.

צייט: אין אָנהויב פון פערטן מלחמה-יאָר.

די בינע שטעלט פֿאַר אַ הילצערנע, פֿון ברעטער צונויפֿגעשטעלטע קאַמער, אין אַלע פֿיר ווינקלען — פֿון ברעטער אימפּראָוויזירטע בעט־געלעגערס, צווישן די צוויי בעטן אין דער טיף — אַ פֿענסטער־לאָך אויפֿן פֿעלד אַרויס, וואָס בעת אַ שלעכט וועטער ווערט עס פֿאַרשטעלט מיט דעם שטיק צוזאַמענגעצויגענע לייוונט, וואָס איז צוגעפּעסטיקט ביי דער זייט.

רעכטס און לינקס — טירן און ווייטערע חדרים פֿון דעם זעלבן באַראַק. אינדערמיט שטוב — אַ טישל אויף וועלכן עס ליגן אַנגעוואָרפֿן וואַטן און באַנדאַזשן און אַ גלעזערנע פּושקע מיט פֿאַרשידענע אָפּעראַציע־אינסטרומענטן. עס הערן זיך ווייטע אָפּגעהאַקטע טענער פֿון פֿאַרלאַמענטאַריער־סיגנאַלען,

דער פֿאָרהאַנג גייט אויף.

אויפֿן געלעגער פֿאַרנט לינקס, זיצט „דער בלינדער". רעכטס, לינט אַ באַ־וועגונג מיט לערערנע פּאַסן צום געלעגער צוגעפּעסטיקט — דער מיטן קאָפּ־שוס. רעכטס, דאָס געלעגער אין דער טיף איז צעוואָרפֿן אין אומאָרדנונג. איבער דעם

געלעגער אויף דער וואַנט, הענגט אַ הילצערנער קרוציפֿיקס.

פֿון צייט צו צייט הערט זיך אַ ווייטער שאָס אָדער דער דומפּער אָפּקלאַנג פֿון

אַן עקספּלאָדירטן שראַפּנעל. פֿאַרנאַכט:

א י נ ה א נ ט י ק ע ר:

(שטייט ביים פֿענסטער און קוקט פֿאַרחלומט אויף די פֿעלדער)

זעט, קינדער!
ווידער קומט שניט־צייט!
אין דער צייט
האָב איך יעדעס יאָר קאָרן געשניטן
און אין שפּייכלער געזאַמלט
און כאָטש די גערעטעניש איז געווען פֿאַרשידן
האָב איך פֿאָרט געלעבט פֿריי און צופֿרידן...
נאָר לאַנג איז שוין פֿון דאַמלט,
פֿון מיין ווייב בין איך אָפּגעשיידט,
פֿון מיין פֿעלד בין איך ווייט,
איך בין אויף אַ פֿעלד וואו מען זיי'ט

מענשליכע בלוטן.
דער מלחמה־פלאַקער
האָט צעשמאָלצן דעם אַקער
און וויסט איז אַרום,
קיין גרעזל, קיין בלום...
ס'שפּאַצירט דער מלאך־המות
מיט זיין שנייד־מעסער
אין די אויסגעגראָבענע „ראָוועס“
און מאַכט ס'בלוט-באָד גרעסער...
קוקט אייך צו!
דער הימל איז פּונקט אַזוי בלאָ
ווי צוריק מיט דריי יאָרן... —
נאָר וואָס פון דער ערד איז געוואָרן!
זעט, קינדער!

דער בלינדער:

איך בין אַ בלינדער...
שוין קיינמאָל וועל איך זען
גאָטס געבענטשטע ערד
מיט אירע גערטנער און פּלעצער
וועלכע די מלחמה-העצער
האָבן חרוב געמאַכט...

(פּרעסט אַ פּעקל בריוו צום האַרצן)

און זי... פרידאָלינאַ...
שוין קיינמאָל וועל איך זען
דעם גלאַנץ פון אירע אויגן...

(עס הערט זיך אַ שאָס)

דער מיטן קאָפּ-שוס:

(וויל זיך באַפרייען פון געלעגער)

וואָס איז דאָ געוועזן?

ווער איז דאָ דורכגעפלויגן ?
האַ־האַ ! איך האָב אָבער געוואוסט
אַז זי וועט קומען !...
הערמינע !
דריק מיך צו דיין ברוסט,
זע, מיר זיצן צווישן בלומען !
הערמינע ! הער—מי—נע !
לאָזט מיך צו הערמינען !...

(וויל זיך באַפרייען פון די פאַסען).

אײנהאַנטיקער:

ער איז פון זינען... —
ווען איך זע די צרות פון אַרום,
טראַכט איך,
וועלכע זענען גרעסער ?
און איך טראַכט : —
צי וואָלט נישט געווען בעסער
ווען איך בין ווי יענער
מיט אַ דורכגעשאָסענעם קאָפּ ?
און כאָטש דער אומגליק איז נישט קלענער
איז אָבער אַ טרייסט,
וואָס נישט דו ווייסט
נישט דו באַגרייפסט
ווי ווייט דער אומגליק האָט דיך געטראָפן...

הערמינע:

(קומט אַריין)

קינדערלעך, שוין צייט צו שלאָפן.
די נאַכט פאַלט צו
און ווער נאָך אזוי ווי איר
גויטיקט זיך אין רו ?...

(מאַכט אין אָרדנונג ס'געלעגער לינקס און פירט צו דעם איינהאַנטיקן)

בלינדער:

איך ווינטש אַז דאָס זאָל זיין
מיין לעצטע שעה...
עס קומען נעכט,
עס שווינדן טעג
און איך וויים נישט רעכט
אין וועלכער צייט איך לעב...

(שטייט אויף, טאַפּט ארום זיך די לופט און גייט ביז צום טיש)

הערמינע:

אַכטונג!
דער טיש שטייט אין וועג!

(פירט אים צוריק צום בעט)

איינהאַנטיקער:

איך ליג און טראַכט: —
ווי אַזוי
איז דער אומגליק געשען?
— אַ שרעקלעכע נאַכט
איז עס געווען! — — — —
מיר זיינען אין פוקס־לאָך געלעגן
צוגעפּרעסט
איינער צום צווייטן
מיט קיין גליד נישט צו באַוועגן...
און ערגיץ פון ווייטן
האָט אַ שדים־טאַנץ
באַגלייט פון קאַנאָנען־מוזיק
געווילדעוועט,
און פּלוצלינג:
אַ קראַך!

און עס מישט אונז צונויף
ווי אין אַ שמעלץ־טאָפּ...
ווען איך הויב זיך אויף,
זע איך לעבן מיר אַ זאַך,
דאָס איז מיין האַנט.
איך האָב זי דערקענט
דורך אַ צייכן אויפן אַרבל...
און האַרט ביי דער וואַנט,
דער מיטן דורכגעשאָסענעם קאָפּ.
און אַרומאונאַרום
מענטשן צעשטיקלט
ווי אַ גלעזערן שאַרבל...
מיט מיין לינקער האַנט
האָב איך די רעכטע איינגעוויקלט
אין אַ שמוציק געוואַנט
און אַ פּאַר'חלשטער
געבליבן ליגן...

מ י ל י ט ע ר ־ ד אָ ק ט אָ ר :

(קומט אַריין, באַטראַכט די קאַמער)

אַ שרעק וויפל פליגן!
אויב מען היט נישט אָפּ די ריינקייט,
היגעניע,
איז שווער אַ קרענק צו באַזיגן...

(באַטראַכט דעם איינהאַנטיקן, הערמינע הינטער אים מיטן רעצעפּטן־בוך)

נו, דו ביזט שוין פעאיק
צום טראַנספּאָרט.

א י נ ה אַ נ ט י ק ע ר :

הער דאָקטאָר...

מ י ל י ט ע ר ־ ד אָ ק ט אָ ר :

קיין וואָרט!

אַ פעלד־שפּיטאָל איז דאָ,
איז קיין פּלאַץ נישטאָ
געזונטע צו פּלעגן...
אײנהאַנטיקער:
איין וואָרט וויל איך פרעגן...
מיליטער־דאָקטאָר:
נישטאָ אין צייט פון מלחמה
ביים זעלנער קיין ווילן.
מיטן ווילן פון קייזער
דאַרף מען זיך נישט שפּילן...
אָפּגעלעגן דריי וואָכן,
געריייניקט די וואונד,
געריייניקט דעם קנאָכן,
מוז מען דיך ווייטער שיקן.
היינט האָט אויפן פראָנט
באַגינען אַ נייע מהומה,
וואַרטן שוין דרויסן
מילד גערעדט,
אַנדערע צען אויף דיין בעט...

(גייט ווייטער צום צעוואָרפענעם געלעגער)

שוועסטער! שוין גענוג
געלופטערט דעם געלעגער!
געשטאָרבען, פאַרפאַלן.
מלחמה איז נישט
אַ שפּיל אין באַלן...
באַלד דאַרף מען אַנדערע ברענגען...
הערמינע:
און דער קרייץ זאָל ווייטער הענגען?
דאָקטאָר:

(באַטראַכט שוין דעם מיטן קאָפּ־שום)

נעם אַראָפּ,
און הענג אים אָט־אָ־דאָ
איבער זיין קאָפּ,
ווייל זיינע מינוטן זענען געציילטע...

דער מיטן קאָפּ־שום:

אָ, דו אויסדערוויילטע!
הערמינע מיינע!
באַגליק מיך מיט אַ קוש
פון די רויטע ליפּלעך דיינע!...

הערמינע:

(פּאַראינטערעסירט, ווייל באַטראַכטן דעם קראַנקן, מוז אָבער נאָכגיין נאָכן דאָקטער, וועלכער באַטראַכט שוין דעם בלינדן).

דאָקטאָר:

נישט אין דאָקטאָרס מאַכט
צו מאַכן אים זעאיק... —
דער פּולס — נאָרמאַל,
טעמפּעראַטור — געפאַלן,
טראַנספּאָרט פעאיק...

(גייט אַפּ רעכטס)

דער מיטן קאָפּ־שום:

(קרעכצט)

הע—ר—מי—נע...

בלינדער:

צי פילט איר כאָטש
מיין שנאה?
וואו ווילט איר מיך פאַרשיקן?
אַ בלינדן!

הערמינע:

(גלעט אים)

קינדער...

איז דען אַ חילוק,
אָן אַ האַנט, אָן אַ פוס,
אָדער אַ בלינדער ?
וועסט אַהיימקומען...
זיין צווישן אייגענע...
לעב און האָף !
און האָסטו וואו אַ כלה
וועט זי דיך נישט
פאַרלאָזן...

(פאַרפאַקט אים די זאַכן און עס־כלים)

בלינדער:

וואו ווילט איר מיך פאַרשיקן ?
איך וועל דאָך מיין כלה
שוין קיינמאָל נישט זען !
מיינע בליקן
וועלן זיך שוין קיינמאָל
נישט קוויקן
מיטן גלאַנץ פון אירע גאָלדענע האָר...
איך וועל שוין קיינמאָל
נישט האָבן דאָס גליק
צו זען איר פאַרליבטן בליק !
און ווי לאַנג עס איז גאָר ? —
קוים אַ יאָר
ווען איך האָב זיך
מיט איר אָפּגעזעגנט...
לאַנג איז זי מיט מיר
אין גאַס געשטאַנען,
כאָטש עס האָט גערעגנט...
עס האָבן אונז געפעלט ווערטער

מיט וועלכע זיך צו טרייסטן,
איז זי געשטאַנען און געקוקט...
און אויסרופנדיק — מיין באַשערטער!
האָט זי זיך צעוויינט
און אין מיינע אָרעמס געפאַלן...

הערמינע:

עס איז נאָך גאָרנישט פאַרפאַלן...

בלינדער:

גיב מיר דיין האַנט...
צי פילסטו ווי טיף
עס איז מיין ווייַ?
זע, אַ פעקל בריוו...
דריי מאָל אין טאָג
האָב איך יעדן בריוו געלעזן;
ביז... יאָ... ווי אַזוי איז עס געוועזן?
— — — איך בין געשטאַנען אויף מיין פאָסטן
און מיט מיין בליק, צום שונא
די ווייטקייט געמאָסטן
און פלוצלינג: פלעמלעך אַזוינע
און אַ ציטערניש
האָט די ערד צעטרייסלט
און מיך צונויפגעפלאָנטערט
מיט דראָט, ערד און שטיינער
ביז איך בין געבליבן ליגן
פאַרשאָטן פון אַ באַרג...
ווען איך בין צו זיך געקומען
האָב איך מיטן קאַרג
געוואָלט די ערד אונטערהויבן,
נאָר פון אויבן
האָט זיך געהערט אַ ברומען

מען האָט שוין געגראָבן...

(פאַרחלומט)

מען פּאָרעט זיך אַרום מיר
און איך הער
מענטשלעכע שטימען,
איינער גלעט מיך צערטלעך,
איך זע נישט ווער.
די קאַפּערטלעך
פון מיינע אויגן זענען אָפן,
איך פיל עס
און פאַרשטיי דעם אומגליק
וואָס האָט מיך געטראָפן...

(הערמינע פירט אים צו דער טיר, ביים איינהאַנטיקן שטעלן זיי זיך אָפּ)

א יי נ ה אַ נ ט י ק ע ר:

(פּאַקט מיט איין האַנט די זאַכן)

זייט געגרוסט !...

ב ל י נ ד ע ר:

כאָטש דער וואונטש
זעט אויס ווי חוזק
פיל איך דיין אויפריכטיקייט...
אַ דאַנק דיר...
מעג דאָס לעבן אַרום
זיין ווי ברוגזיק
וועל איך קיינמאָל זען
איר ליכטיקייט...
זייט געגרוסט !...

ה ע ר מ י נ ע:

(פירט ארוים דעם בלינדן.ביידע אָפּ)

א יי נ ה אַ נ ט י ק ע ר:

עס ווערט אומעטיק
און פוסט...
ארויס פון דער היים
מיט צוויי געזונטע הענט,
צוויי וועגן תבואה
האָב איך געקענט
אין איין טאָג אויסדרעשן!
און היינט... אַ קריפּל.
קיין כח — אויף אַ רפואה,
סיידן, אַ ליכט פאַרלעשן...
ה ע ר מ י נ ע:

(קומט אַריין)
צונויפגעפּאַקט?
מען דאַרף זיך איילן;
ס'איז פול דער טראַקט
מיט פאַרוואונדעטע,
קוים דערשלעפּטע
פון עטלעכע מיילן...
א י י נ ה אַ נ ט י ק ע ר:
פאַרפאַקט,
נאָר נישט פאַרבונדן.
דאָס שטערן מיר די וואונדן.

(הערמינע פאַרבינדט די זאַכן בעת דער איינהאַנטיקער גייט צו צו דעם מיטן קאָפּ־שוס)
דאַרף מען זיך געזעגענען...
צוזאַמען חדשים־לאַנג
די ערד געגעסן
און אפשר קיינמאָל מער
זיך נישט באַגעגענען... — — — —
אַ טרוימער געווען;

אונטערן גרעסטן קוילן־האָגל
פלעגט ער שטיין
און טראַכטן
וועגן סאָלדאַטן־וואָגל
בעת מלחמה...
אַ פּאָעטישע נשמה...
רו־צייט אין די אָקאָפּעס
האָט ער לידער געשריבן ;
אויפן פעלד זענען זיי זיכער געבליבן...
יעדן טאָג האָט ער געמאַכט
אַ נייע אַנטדעקונג :
אַז מלחמה איז נישט מער
ווי אַ קאַפּריזנער דועל צווישן גרויסע,
מעכטיקע טיראַנען,
און אַנשטאָט זיך אַליין
צוימען זיי ס׳פאָלק אין שפּאַנען... — — — —
און נאָך עפּעס מאָדנע ווערטער,
וואָס מיר האָבן קוים פאַרשטאַנען...
ה ע ר מ י נ ע :
ווער איז ער ? פון וואַנען ?
א יי נ ה א נ ט י ק ע ר :
פון אַ שטאָט ביים דניעסטער.
געווען פון חברים דער בעסטער ;
גאַנץ אָפט פאַר אַלע בריוו געשריבן,
אַלעמאָל זיין כלה דערמאָנט,
אַזוי וואַרם וועגן איר גערעדט
ס׳האָט אַזש אונזערע הערצער געגלעט...
אַ שרעק ווי ער פלעגט זי ליבן !
ער וואָלט געווען אַן אמאַנט

צו פאַרשפּילן אַ מדינה

פאַר אַ שמייכל

פון זיין הערמינע... — — — —

היינט ליגט ער דאָ

דעם קאָפּ צעשאָסן...

אפשר שוין זיין לעצטע שעה...

ה ע ר מ י נ ע :

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט :

— „אַ טויט־קאַנדידאַט“...

א יי נ ה אַ נ ט י ק ע ר :

שוין געגוג זיך אָפּגעפּלאָגט ;

זייט געגרוסט, קאַמעראַד !...

(הערמינע מיטן איינהאַנטיקן אָפּ.)

ד ע ר מ י ט ן ק אָ פּ ־ ש ו ם :

(קוקט זיך ווילד אַרום, רייסט זיך פון געלעגער, שלעפּט די פּאַסן ביז ער באַפרייט זיך פון זיי, טראַכט וואָס צו טון, אינסטינקטיוו באַשליסט ער אָבער זיך צוריקצולייגן, ווערט רואיק)

ה ע ר מ י נ ע :

(קומט אַריין, מאַכט גלייך ס'געלעגער אונטערן קרייץ וועלכן זי נעמט אַראָפּ, גייט צו צום זעלנער מיטן קאָפּ־שום) :

מאָדנע...

אַ לאַנגע צייט צווישן קראַנקע,

טויטע און האַלב טויטע,

נידעריקע, הויכע,

שיינע און מיסע,

דיקע און שלאַנקע,

צוגעוואוינט זיך...

איינעם אַ פרישן באַנדאַזש,

דעם צווייטן —

טרייסט־ווערטער זיסע...

און דאָ פעלט קוראַזש
צו אים זיך דערנענטערן...
אַ פּאָעט...
גערעדט וועגן אמת, —
אַ קרבן פון שקר...
מאָדנע... ווי אַ רמז...
זיין כלה — הערמינע, ווי איך...
און איך, די וועכטערן הערמינע —
ביי זיין טויטן בעט...
אַ צופאַל? איז וואָס?
פּאָרט, עס שרעקט...

(עס ווערט טונקל, זי לייגט דעם צלם אויפן טיש, צינדט אָן דעם נאַפט־לאָמפּ, נעמט צוריק דעם צלם)

שאַ... ער שלאָפט...
אפשר חלומט ער און האָפט?...

(שטעלט זיך אויפן ברעג געלעגער און הענגט דעם צלם איבער זיין קאָפּ, גייט אַראָפּ, באַטראַכט אים צערטלעך):

אָט וויזט ער אַ שמייכלענדיקע מינע...

דער מיטן קאָפּ־שוס:

הערמינע... הערמינע...
מיין אוצר, מיין נשמה!
זע, איך בין דיין חתן,
צוריק פון מלחמה...

(נעמט אַרום איר קאָפּ, פּרעסט אים צו זיין ברוסט. זי, ווי היפּנאָטיזירט פון זיינע לעצטע בליקן, לאָזט מיט זיך אַלעס טון):

איצטער זענען מיר ווידער צוזאַמען...
לעבן מיינס, צוזאַמען...
לעש אין מיין האַרצן
די הייסע פלאַמען

פון מיין הייליקער ליבע...
גלעט מיט דיינע זיידענע האָר
מיין הייס, פאַרברענט פּנים
און איך וועל דיר דערציילן
פון טעג פון טריבע
וואָס האָבן זיך געצויגן
דריי גאַנצע יאָר...
הערמינע...
ווייז מיר דיינע אויגן,
וועל איך זיי קושן
און פאַרווישן
מיין אומענדלעך לייד...
אָ, הערמינע!
ווי עס רוישט אין קאָפּ
ווי עס צאַפּלט מיין האַרץ

(גלעט און צערטלט זי, הויבט איר אונטער דעם קאָפּ, קוקט אין אירע אויגן)

הערמינע:

באַרואיק זיך, טייערער,
דו ביזט קראַנק...

דער מיטן קאָפּ-שום:

וואָס פאַרא געדאַנק!
מיר פאָרן אויף אַ שטילן אינזל
וואו קיין מענטש איז נאָך געווען
און דאָרט וועל איך
ווי אַ מאָלער מיטן פּינזל
מאָלן די שווידער־בילדער
וואָס איך האָב געזען...

הערמינע:

באַרואיק זיך... ליבער...

דו ברויכסט רו,
דו ברענסט פון פיבער... —
וועסט ווערן געזונט...

ד ע ר   מ י ט ן   ק אָ פּ ־ ש ו ם:
הערמינע, האַרץ מיינס!
איך פיל אַצינד
ווי מלאכים וואָלטן ארום מיר געשוועבט...
אין האַרץ אזוי פול
און אין קאָפּ אַזוי לייכט...
ווי גרוים די פרייד!
איבערגעלעבט
און דערגרייכט!...

(רעדט וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער)

אין פאַרנאַכטיקן דרימל
וועל איך דיר מיינע לידער זינגען...
אונטער פייער־צונגען
פון טויט...

(גאַנץ שוואַך)

הערמינע...
האַלט מיר צו מיין קאָפּ...
עפּעס אַזעלכע פייערלעך דינע
ברענען מיר דעם מוח...
דריק מיך פעסטער צו זיך,
איך האָב נישט קיין כח...
וואָס איז עס?
איך פיל דיך נישט...
טוליע דיך צו מיין האַרץ...
ווייז מיר דיינע אויגן...

(קוקט איר אין די אויגן, געענדערט אין שרעק)

וואָס זע איך, בלוי?
דוכט זיך, דיינע
זענען געוועזן שוואַרץ...

(אנטוישט)

אַ—ו—י! ...

(כאַפּט זיך ביים קאָפּ, וואַרפט זיך אין קאַנוואולסיווע וויטיקן, בלייבט אומבאַוועגלעך)

הערמינע:

(הויבט אים אונטער דעם קאָפּ, צערטלעך)

זיי האָבן דיך נישט פאַרשטאַנען,
הערמינע — יאָ.

(גיט אים אַ קוש, לייגט אים די הענט אויפן האַרצן)

ס'איז אַ דועל פון טיראַנען!...

פ אָ ר ה אַ נ ג.

# די קליאַטשע

פון מענדעלע מוכר ספרים

באארבעט אין 5 בילדער פאַר דער בינע פון נחמיה צוקער



צווייטע אויסגאַבע

פאַרלאַג

„דער קונדאַס“

בוענאָס איירעס, 1933

אויפגעפירט דורכן אידישן ליטעראטן און זשורנאליסטן פאריין
צום צענטן יארצייט נאך מענדעלע מוכר־ספרים
אין ב. איירעס, 1927.

ערשטע אויפלאגע אין 1000 עקזעמפליארן ארויסגעגעבן אין בוך־פארם מיט נאך אנדערע דריי סצעניזירונגען — דורכן ליטעראטן און זשורנאליסטן פאריין, ב. איירעס 1927.

## פארשוינען:

ישראליק — 23 יאָר, א פּליט.

ציפּע — זיין מאַמע, א בכבודע פארצייטיקע אידענע, איבער 40 יאָר.

בעל־מופת — א רויט־קאַלטענעוואַטער חסידישער איד.

זנאַכערקע — אַן אלטע גויע, אַן אָפּשפּרעכערן.

סענדערל — 35 יאָר, א משרת ביי ציפּען אין קלייט.

ראש־הקהל<br>
בעל־טאַקסע } שיינע אידן

גבאי<br>
שתדלן } שטאָט־פאַרזאָרגער

רב<br>
שוחט<br>
חזן<br>
משמש } כלי־קודש

אַ שוסטער

אַ שניידער.

אַ קאָוואַל.

אַ אידענע וואָס האַנדלט מיט בייגל.

אָרימע אידן און אידענעס.

אַ אינגל.

אַ קליאַטשע.

די האנדלונג קומט פאָר פאַרצייטן<br>
אין גנילאָפּאַטעווקע.

# בילד 1

(עס ווערט שטאַרק טונקל אויפֿן זאַל ווי אויף דער בינע, די מוזיק הויבט אַז שפּילן א מיסטישן מארש, וואס איז א געמיש פון טרויער און פרייד. ווען די מוזיק האַלט ביים פינאַל, הויבט זיך אויף דער פאָרהאַנג.

די בינע איז אינגאַנצן פינסטער, ערשט ווען די מוזיק רייסט זיך אי־בער, ווערט פּלוצים די בינע שטאַרק באַלויכטן און עס באַווייזט זיך גאַנץ פאָרנט א דעקאָראַציע, וועלכע שטעלט פאָר א זומפּיק פעלד אויף וועלכן עס שטייט א גרויסע פארדארטע קליאַטשע מיט ארויסגעטאַרטשעטע רוקנביינער, אירע פיס שטעקן אין זומפּיקע קאַלוזשעס. אויף די פיר קאַלוזשעס געפינען זיך די אויפשריפטן: 1) „שתדלנות", — 2) „אנטיסעמיטיזם", — 3) „פאַנאַטיזם", — 4) „קהל־פארזארגער".

אויף דער קליאטשע רייטן פיר זאַט־געפרעסענע גראָב־בייכיקע קהל־לייט, 3 חסידישע, אין ספּאָדקעס, איינער אין א צילינדער ־ הוט. אינדערהויך, אי־בער זיי, איבער דער גאַנצער ברייט פון דער דעקאראציע, הענגט א ווייסע לענ־טע מיט דער אויפשריפט: „אתה בחרתנו מכל העמים"!

דאָס פּנים פון דער קליאטשע איז אויסגעדרייט צום פראָנט און צווישן די אויערן און דעם פּיסק, (אויפן אָרט פון נאָז און אויגן) געפינט זיך אַן עפענונג.

נאָך א קליינער פּויזע, נעמט די מוזיק שפּילן דעם מאָטיוו: — „פאָר איך מיר ארויס אין אַן ענגער בויד"... און אונטער די קלאַנגען פון מוזיק, באַ־ווייזן זיך אין דער עפענונג פון דער קליאטשעס פּרצוף טיפּן פון אָרימע אי־דן, בעל־מלאכות, א שניידער מיט א שער, א שמיד מיט דעם האַמער, א אידע־נע מיט א קראַנץ בייגל, א שוסטער מיט א שטיוול, אַלע ווייזן קרענקלעכע פּנימער, פאַרדאַרטע, מיט איינגעפאַלענע באַקן, באַווייזן זיך ווי מומיעס, ריט־מיש, לויטן קלאַנג פון מוזיק, איינער נאָכן אנדערן און פארשווינדן.

גאָר אויף לעצט באַווייזט זיך א קינדיש אויסגעמוטשעט פּנימל, מיט אַ ביכל אין האַנט. די מוזיק גייט איבער צום מאָטיוו פון — „אויפן פּריפּעטשיק ברענט א פייערל", דאָס קינד פארשווינדט און עס באַווייזט זיך י ש ר א ל י ק, אין איין האַנט א ברענענדיקן פאַקל, אין דער צווייטער, א בוך. די בינע ווערט

באלויכטן מיט רויט ליכט און מיטן ליכט פון ישראליקס פאקל, די מוזיק שפּילט עטלעכע אפּגעהאקטע טענער פון א פרייהייטס־מארש, פארענדיקט מיט אַ לאַנגן סיגנאל און דער —

פ אָ ר ה אַ נ ג פ אַ ל ט

## בילד 2

(די בינע שטעלט פאָר די עס ־ שטוב ביי ציפּען. א טיש, 2 לאַנגע בענק, אויבן ־ אַן אַנלען ־ שטול. א שאנק ביכער, טירן רעכטס און לינקס, אין הינטערגרונט אינדערמיט, א ברייטע עפענונג מיט א פאָרהאנג פארהאנגען, די עפענונג פירט אין ישראליקס שלאָף־צימער. רעכטס, א פענסטער.

ווען דער פאָרהאנג הויבט זיך אויף, שטייען דער ב ע ל ־ מ ו פ ת ביים פראָנט־קוליס רעכטס, און די ז נ א כ ע ר ק ע קעגנאיבער אים, לינקס. ביידע מאַכן פארשידענע העויות, פון דרויסן הערט זיך דונער און בליץ און א שטאַר־קער רעגן).

ז נ א כ ע ר ק ע —

(מאכנדיק סודותדיקע קונצן מיט א גענזענער פעדער און הילצערנעם קיך־לעפל):

שאַרלאַי, וואַמאַרלאַי, פּאקאטנאַרצאַך! באַזאַך, באַזאַזאַך, באַ־זאַזאַנצאַך! פּאַראַך, פּאַראַראַך, פּאַראַראַנצאַך!..

ב ע ל ־ מ ו פ ת—

(איז זיך בודק די ציצית און מאכט ווילדע העויות):

איך באַשווער אייך אין נאָמען פון לוציפעריאל און אין נאָמען פון צערבעריאל, פּראָזערפּעניאל, פּלוטאניאל, אראקלע, באַ־ראקלע, גאראקלע, אַז איר זאָלט קיין שליטה ניט האָבן אויף ישראליק בן ציפּע...

(עס קומט אריין ציפּע)

צ י פּ ע— נו?..

ב ע ל ־ מ ו פ ת —

(מאכט זיך ווי ער זעט זי נישט):

צעזייעט זיך!

ז נ אָ כ ע ר ק ע —

(ווי ער)

צעשפרייט זיך!

צ י פּ ע —

(וויל עפּעס זאָגן, ווערט אָבער מבולבל פון דעם מאָדנעם דועט פון די צוויי שדים - באַשווערער).

ב ע ל - מ ו פ ת — אין די ווּיסטע פעלדער!

ז נ אָ כ ע ר ק ע — אין די פּוסטע וועלדער!

ב . מ ו פ ת — דאָרט שטייט אַ שטיין.

ז נ א כ ע ר ק ע — אויף דעם שטיין נאָך אַ שטיין...

ב. מ ו פ ת — דאָרט שטייט אַ באַרג,

ז נ אָ כ ע ר ק ע — אויף דעם באַרג נאָך אַ באַרג...

ב. מ ו פ ת — אויבן זיצט שמענדריק בן געץ.

ז נ אָ כ ע ר ק ע — און פּאַשעט ווילדע קעץ...

ב. מ ו פ ת — כאַפּט וואו ערגעץ נאָר אַ קאָטער,

ז נ א כ ע ר ק ע — כאַפּט נאָר וואו אַ פּיפּערנאָטער,

ב. מ ו פ ת — כאַפּט פון דער וועלט אַלע וואַנצן

ז נ אָ כ ע ר ק ע — און גייט מיט זיי טאַנצן...

ב. מ ו פ ת — טאַנצט אין די פּוסטע וועלדער

ז נ א כ ע ר ק ע — אויף די וויסטע פעלדער,

ב. מ ו פ ת — טאַנצט!

ז נ אָ כ ע ר ק ע — שפּרינגט!

ב. מ ו פ ת — קוועלט!

ז נ א כ ע ר ק ע — און לאָזט צורו די וועלט!..

ב. מ ו פ ת — פרחה זיקו למריקו...

ז נ א כ ע ר ק ע — שברירי ברירי רירי רי....

(פון דרויסן רייסט זיך אריין דער געשריי פון ישראליקן).

י ש ר א ל י ק —

לאָזט צורו מיין בידנע קליאַטשע! לאָזט צורו מיין בידנע...

(אויפטריט ישראליק, געפירט פון סענדערלען, אלע קוקן אויף אים דערשראקן).

י ש ר א ל י ק —

וואס טוט זיך עס דא עפעס?

צ י פ ע —

אוי, ביטער איז מיר! פינסטער איז מיר, זונעניו מיינער!

(כאפט אים ארום).

י ש ר א ל י ק —

(קומט פאמעלער צו זיך)

מאמע, וואס טוט זיך דא אזוינס? וואס וויינסטו? וואס איז געשען ?

צ י פ ע —

אוי, זאל זיך שוין מער נישט אומקערן דאס וואס איז געשען ! . . .

י ש ר א ל י ק —

האב רחמנות, מאמע, דערציייל מיר וואס דא איז פארגעקומען, וואס דא טוט זיך עפעס ארום מיר; איך וועל נישט רואיק זיין, ביז דו וועסט מיך נישט בארואיקן.. אוי, מיין קאפ!..

צ י פ ע —

ווארט א ביסל... לאז מיך זיך א ביסל אויסוויינען... קינד מיינס... דער קאפ טוט דיר ווי... זעץ זיך דא אנידער, זעץ זיך נאר...

(זעצט אים אויפן אנלען - שטול)

מיין טרייסט... מיין איינציקער נחת...

(ב. מופת קומט צו פון הינטן פון איין זייט שטול, די זנאכערקע פון דער צווייטער).

ב. מ ו פ ת —

אראקלע, באראקלע, גאראקלע!.. אין נאמען פון פלוטאניאל, אין נאמען...

ז נ א כ ע ר ק ע —

שאַרלאַי, וואַמאַרלאַי, פּאַקאַטאַנאַרצאַך! שברירי, ברירי, רירי
רי . . .

(דער ב. מופת און די זנאַכערקע רייסן אַפּויר די פּאַטשיוּוקע־לייסטו, ער — פון זיין קאַפּאַטע און זי פון איר קלייד און בינדן ישׂראליקן אַרום דעם קאָפּ ווי אַ באַנדאַזש).

ב. מופת —

זנאַכערקע —
איצט האָבן מיר אים אַרויסגעריסן פון די נישט־גוטעם נעגל...
אָבער נאָך ווי אַרויסגעריסן, טראַסצאַ איך מאַטערי!...

ציפּע —
איך וועל עס אייך נישט פאַרגעסן... זאָל נאָר גאָט העלפן!..

(ב. מופת און זנאַכערקע מאַכן העוויות, גייענדיק הינטערוויילעכץ ביז אַפּ).

ישׂראליק —
מאַמע... איצט פיל איך שוין בעסער... דערציייל מיר וואָס מיט מיר איז געשען... דערציייל...

כענדער —
וואָס טוט זיך עס? גאָט איז מיט אייך, בעל־ביתטע - לעבן! מען דאַרף אים דערציילן, זאָל ער וויסן, זאָל ער זען, וואָס פאַר אַ וועג ער האָט זיך רחמנא - לצלן אויסגעקליבן! אין אַ קאַנאַל האָב איך דאָך אים געפונען! אין געהאַקטע צרות איז ער דאָרט געלעגן און אָפּגעגעבן עקזאַמענעם פאַר די שטשאָרעס!...
קוים מיר האָבן אים אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט, האָט ער זיך אויף אונז געוואָרפן מיט אַ טענה, מיר זאָלן נישט פּייניקן די בידנע קליאַטשע... ווער קליאַטשע, ווען קליאַטשע, און וואו קליאַטשע? איז'ן אַריין אַ קליאַטשע אין קאָפּ, גייט ער איבערן גאַנצן וועג און מאַכט מאָדנע אַנשטעלן און נאָר וואָס ער האַלט אין איין רחמנות האָבן אויף דער בידנער קליאַטשע נעבעך...

ציפּע —
קינד מיינס... ישׂראליק... האָב בעסער אויף זיך אַליין רחמנות!..

ס ע נ ד ע ר —

זאָל ער אוועקוואַרפן דאָס שטודירן, וועט ער זיין מיט מענטשן גלייך... וועט ער זיין ווי דער באַלעבאָס — אין גן עדן רוט ער —איז געווען...

צ י פ ע —

באמת, ישׂראליק, קינד מיינס, איז ער דען נישט גערעכט סענ־דער? וואָס טויגן דיר די עקזאַמענעס מיט די אַלע צרות, שלעק, אַנשיקעניש, וכדומה? וועסטו דען אַנדערש מאַכן די וועלט? איבערדרייען דעם סדר ־ עולם?.. אַ איד דאַרף נישט קיין סך צו טראַכטן, נאָר זיין אַ איד און זען צו האָבן פּרנסה..

י ש ר א ל י ק —

מאַמע! אוי, מאַמע! וואָס רעדסטו? נישט איבערדרייען דעם סדר ־ עולם וויל איך; איך וויל אויך נישט די וועלט אַנדערש מאַכן; אָבער דער א י ד י ש ע ר סדר־עולם, די א י ד י ש ע וועלט! אוי, מאַמע, די אידישע וועלט ד א ר ף מען ענדערן; דעם אידישן סדר־עולם מוז מען איבערדרייען, ווייל שמעלקע ר׳ גאָדלס דער ראש - הקהל האָט פון דער אָרימער קליאַטשע אַראָפּגעצויגן די פעל און דאָס בלוט טריפט פון דער קליאַטשעס נאַקעטע ביינער!..

צ י פ ע —

(וויינט)

ווי איז מיר, זון מיינער...

(צו סענדערן)

שוין ווידער די קליאַטשע.. רוף נאָר שנעל אַריין די זנאַכערקע מיטן בעל־מופת...

(סענדער אָפּ)

צ י פ ע —

קינד מיינס... קדיש מיינער... וואָס פאַר אַ עין ־ הרע האָט דיך באַנומען? וואָס רעדסטו אַלץ פון אַ קליאַטשע? קום צו זיך,

ישראליקל, ווארף אוועק די אלע ביכער, שלאָג דיר זייערע נאַ־
רישקייטן פון קאָפּ ארויס און ווער א מענטש מיט לייטן גלייך...

— י ש ר א ל י ק —

(שפּרינגט אויף)

מיט לייטן גלייך!.. איך זאָל ווערן אזוי ווי ר׳ קיווע ־ גדליה
שאָשע ־ משה ־ חיימס! אדער ווי ר׳ גרונם ־ געצל שרה ־ דבו-
רהס... מאמע! וואס רעדסטו, מאמע? צי ווייסטו וואס ביי מיר
אין קאָפּ טוט זיך?.. — — — —

מיט לייטן גלייך, הייסט ביי מיר: **ו ו ע ר ן א מ ע נ ט ש !**
ווערן א מענטש און זען אנדערע צו מאכן פאר מענטשן! און
ביי דיר, מאמע, הייסט ווערן א מענטש — זיין ווי די פּני פון
אונזער שטעטל, די שיינע אידן, וועלכע פילן זיך די בייכער
מיטן בלוט פון דער ארימער פאַרדאַרטער קליאטשע...

איך וויל ווערן א מענטש, אן אינטעליגענט, א דאָקטאר! איך
וויל ווערן א דאָקטאר, בכדי צו קענען היילן די קראנקע, פאר־
דארטע קליאטשע, איך זאָל איר קענען אויסגלייכן דעם געבוי־
גענעם רוקן!

קוק זיך צו, מאמע, צו דיינע שיינע לייט, דעם ראש־הקהל, דעם
בעל ־ טאקסע, רב, שוחט און אלע איבעריקע כלי ־ קודש, ווי
זיי האָבן זיך פאַרייניקט און צוזאם ארויפגעווארפן א וואָלקן
מיט פינסטערניש אויף דער ווייסטער קליאטשע נעבעך, און
די בידנע קליאטשע באַברעט זיך אין דער פינסטער און פאר־
קריכט אין א זומפּ אלץ טיפער און טיפער...

— צ י פ ע —

קינד מיינס... דערבארעם זיך... רעד וועגן אלעס, רעד וועגן
אלץ אין דער וועלט און פון וואס דו ווילסט, נאָר רעד פון
מענטשן! פון מענטשן רעד און פארגעס אָן דער קליאטשע,
ישראליק..

(וויינט).

ישראליק —

מיט טויזנט ברענענדיקע פאקלען דארף מען איר דעם וועג באלייכטן! מיט הונדערט בייטשן דארף מען פון איר אראפ־טרייבן די אַנשיקעגישן, וואס האבן זיך אויף איר פארדארטע פלייצע געזעצט רייטנדיק!.. — מאמע, דו פארשטייסט מיך אויך נישט... טייערע מאמע... קיינער פארשטייט מיך נישט... און דא איז אין הארצן אזוי פול... און אין קאפ אזוי שווער... מאמעניו!..

ציפע —

(פרעסט אים צו זיך און גלעט אים)

נו שוין, שוין, זיי שוין רואיק... ישראליק... דערציי̈ל בעסער ווי אזוי דער עקזאמען האט אויסגעזען... אוואדע לויטער גרויסע לייט דארט געווען...

ישראליק —

כא־כא! גרויסע לייט... גרויסע לייט, נאר זיי האבן די אויגן אויף די רוקנס... אויף די פלייצעס... שטאט צו קוקן אויף דעם, וואס איז און דארף זיין, קוקן זיי צוריק, אויף דעם, וואס איז געווען פאר ששת־ימי־בראשית... — איך בין דורכגעפאלן ביי די עקזאמענס, ווייל איך האב גראד פארגעסן צי די באבא יאווא איז געווען א זכר צי א נקבה... אוי מאמע, מאמע, ווי קאן איך געדענקען אזעלכע נארישקייטן, ווען דער צער פון דער בידנער קליאטשע האט מיין הארץ אינגאנצן אנגעפולט...

ציפע —

איך ווייס שוין אלץ... קינד מיינס... שטארק זיך און ווער א מענטש...

(אויפטריט זנאכערקע, ב. מופת, דערנאך סענדערל)

זנאכערקע —

שארלאי, וואמארלאי, פאקאטאנארצאך! באזאך, באזאזאך, באזאזאנצאך! פאראך, פאראראך, פאראראנצאך!..

ב. מופת —

(מיט העוויות)

אין נאָמען פון צערבעריאַל, פּראָזערפּעניאַל, אַראַקלע, באַראַק־לע, גאַראַקלע...

ישראליק —

אוי, מאַמע, וואָס טויגן די פינסטערע זאַבאַבאָנעס? איך בין דאָך נישט משוגע... מאַמע... איך ווייס וואָס איך רעד... איך פאַרשטיי... נאָר די מענטשן, אונזערע אידן, פאַרשטייען נישט, אָדער זיי מאַכן זיך נישט פאַרשטיין...
ווען איך בין גייענדיק אין גאַס, אָנגעפאַלן אויף ר' יאָשע־נחום דעם בעל־טאַקסע, פאַרוואָס ער הונגערט אויס די קליאַטשע, און זויגט פון איר אויס דאָס לעצטע ביסל דם־התמצית, האָט ער אויף מיר אָנגערייצט אַ כאָפּטע קינדער און זיי האָבן מיך פאַרשריגן ווי אַ משוגענעם... — איך בין נישט משוגע, מאַמע, נאָר דאָס האַרץ איז אַזוי פול מיט ליבע און רחמנות צו דער פאַרשמאַכטער קליאַטשע, און דער קאָפּ איז מיר אַזוי שווער פון געדאַנקען, וואָס איך טראַכט ווי אַזוי די וויסטע קליאַטשע פון זומפּ אַרויסצושלעפּן... אוי, מאַמע, ווי מיד איך בין שוין, ווי מיד!..

ציפּע —

קום, קינד מיינס, ישראליקל.. קום אַריין, לעג זיך צו, וועסט זיך אויסרוען, אויסשלאָפן אַ געזונטן שלאָף, וועלן אַלע טריבע געדאַנקען פאַרשווינדן ווי בייזע חלומות און דו וועסט אויפשטיין געזונט און פריש ווי נייגעבוירן.. קום, קינד מיינס... סענדערל, העלף מיר צו, וועלן מיר אים אַריינפירן...

(רוקן אָפּ דעם פאַרהאַנג, עס באַווייזט זיך אַן אויפגעבעט בעט, נעבן בעט אַ טישל מיט אַ נאַפט־לאָמפּ. ציפּע מיט סענדערן לייגן ישראליקן אין בעט אַריין, עס הויבט אַן טונקל ווערן, דער ב. מופת און די זנאַ־כערקע מאַכן פאַרשידענע העוויות).

ב. מ ו פ ת —

איך באשווער אייך, איר זאָלט קיין שליטה נישט האָבן אויף ישראליק בן ציפּע!..

ז נ א כ ע ר ק ע —

צעזייעט זיך !

ב. מ ו פ ת —

צעשפּרייט זיך !

ז נ א כ ע ר ק ע —

אין אלע פּוסטע וועלדער !

ב. מ ו פ ת —

אויף אלע וויסטע פעלדער!

ז נ א כ ע ר ק ע —

דאָרט שטייט א שטיין,

ב. מ ו פ ת —

אויף דעם שטיין נאָך א שטיין.

צ י פּ ע —

שלאָף מיין קינד... הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל... שישׁשש . . .

(גייט מיט סענדערן צוריק אראָפּ, פאַרהענגט דעם פאַרהאַנג)

שישׁשש... זאל ער זיך דורכשלאָפן א געזונטן שלאָף...

ב. מ ו פ ת —

פרחו זיקו למריקו...

ז נ א כ ע ר ק ע —

שברירי, ברירי, רירי, רי...

ב. מ ו פ ת —

ציפּע, איך באָברע זיך שוין מיט די לצים א יאָר דרייסיק און אין דער צייט, האָב איך זיך שוין מיט זיי גענוג אפּגעפּאָרעט... היינט האָבן זיי פון מיר געכאַפּט דעם אמתן פּסק... נישקשה, דאָס איז געווען זייער ארבעט, זייער מלאכה...

ז נ א כ ע ר ק ע —

(גיט א געגעץ)

הא — — — — או! טראסצא איך מאטערי...

(ביידע מאכן נאך פארשידענע האקוס - פאקוסן, קלויבן שטיקלעך שטויב און רוקן זיך הינטערווייליקעך ביז אפ).

(עס איז שוין גאנץ טונקל)

צ י פ ע —

ווי איז מיר, סענדערל, לויף נאָר שנעל אין קלייט אריין, איך האָב דאָך אלץ געלאָזן אויף הפקר!..

ס ע נ ד ע ר ל —

אָט לויף איך שוין אריין

(אפ).

צ י פ ע —

(גייט צו צום פארהאַנג, קוקט אריין צום זאַל, גייט צוריק, ווישט זיך די אויגן מיטן פארטוך, אפ).

( עס איז שוין שטארק טונקל)

## בילד 3

(פון ערגעץ ווייט דערהערן זיך מאדנע טענער פון שדים־מוזיק, דער בארהאנג פון ישראליקס בעט רוקט זיך אפ, די בינע ווערט טונקל באלויכטן, פון רעכטס באווייזט זיך א קליאטשע פון א מענטשן - מאסע קאמבינירט, אויף דער קליאטשע רייטן 2 גראָב־בייכיקע כלל־טוער, ריטמיש רוקט זיך די קליאטשע ביז צו דער מיט בינע, וואו זי בלייבט שטיין און פון דער מענטשן־מאסע רייסט זיך ארום דער ווייטיקדיקער געשריי):

מ א ס ע —

אָ, ווי איר דריקט אונז מיט אייער לאסט! אָ, ווי שווער! מיר ווערן דערדריקט פון ווייטיק!..

י ש ר א ל י ק —

(שפרינגט אויף פון בעט)

העי! קליאַטשע! גלייך אויס דיין רוקן און ווארף אראָפּ די שווע־רע לאַסט פון דיר!..

(די קליאַטשע רוקט זיך ווייטער ריטמיש ביז אַפּ לינקס, ישראליק לאָזט זיך ריטמיש אראָפּ צוריק צו זיין שלאָפנדיקער פּאָזע, עס ווערט צוריק פינסטער).

# בילד 4

(די מוזיק נעמט שפּילן דעם מאָטיוו פון: — „ו י ש מ ח ו ב מ ל כ ו ת ך", עס ווערט ליכטיק. פון רעכטס און לינקס און פון ביידע זייטן הינטער ישראליקס פאַרהאַנג, באַווייזן זיך דער ר א ש ־ ה ק ה ל, בעל־טאַקסע, גבאי און שתדלן. אַלע פיר מיט גראָבע בייכער, זיי האַלטן זיך צו די בייכער און רוקן זיך ריטמיש ־ טומיפיצירט ביז צום טיש, וואו זיי זעצן זיך אויס. די מוזיק שפּילט אַ רעליגיעזן חסידישן מאָטיוו און פון די זעלבע זייטן קומען אָן, ווי פריער, דער ר ב, ש ו ח ט, ח ז ן און משמש, און ווי די פריערדיקע רוקן זיי זיך ביז צום טיש און זעצן זיך טומיפיצירט.

די מוזיק שפּילט: — „העמערל, העמערל קלאַפּ..." עס באַווייזט זיך ד ע ר ש ו ס ט ע ר, אַ געבויגענער, רוקט זיך ריטמיש ביז צום טיש, די מוזיק גייט איבער צום מאָטיוו: — „די יום ־ טובדיקע טעג..." עס באַווייזט זיך דער ש נ יי־ ד ע ר ווי דער פריערדיקער.

די מוזיק שפּילט מעלאָדראַמע, עס באַווייזן זיך פון אַלע זייטן דערשלאָ־גענע אָרימע מענטשן, אין דרייען געבויגן, אַלע מיט אויסגעשטרעקטע בעטנ־דיקע הענט, זיי בילדן אַ פּיראַמידע אַרום די רייכע זאַט־געפרעסענע כלל־טו־ע" און כלי־קודש, די מוזיק שפּילט — „חיים שמואל ר' אבעלעס, אבעלעס..."

ישראליק זעצט זיך האַסטיק גלייך אויפן בעט און ווען די מוזיק ווערט שטיל, שפּרינגט ער אויף אויפן בעט און האַלט אַ רעדע):

ישראליק —

העי! עדה ־ קדושה! קוקט אייך צו, איר אָרימע האַרעפּאַשני־קעס! קוקט אייך צו צו די שיינע אידן, וואס האָבן אייך אין אַ וויסטע קליאַטשע פאַרוואַנדלט, כדי פון אייך די פעל צו שינ-דן. קוקט נאָר אָן אייער בעל-טאַקסע, מיט דעם גראָבן בויך, מיט די פאַרגלאָצטע פרומע אויגן;

(ווען ער דערמאָנט די נעמען מיט זייערע מעלות, שטייען די באטרעפנ־
דע אויף און רוקן זיך ריטמיש מוטיפיצירט ביז אפּ).

אים האָט איר צו פאַרדאַנקען וואס איר פילט אזוי זעלטן דעם טעם פון פלייש...

ב. ט אַ ק ס ע —

(אפּ).

י ש ר א ל י ק —

זעט נאָר, אייער שיינעם ראש־הקהל, וואס ער זאָרגט אזוי פאר אייער קהילה און איז אייך מזכה מיט א רב, שוחט, חזן און משמש, און ז י ך מאַכט ער פעט פון די פּראָצענטן, וואס ער רייסט בא אייך על פּי היתר עסקא!..

ר א ש ־ ה ק ה ל —

(אפּ, ווי דער פריערדיקער).

י ש ר א ל י ק —

קוקט נאָר אָן אייער לייטישן גבאי פון שול, הקדש און צדקה־געלט, הא, אַ לייטישער איד, וואס די שול לאָזט ער אָן א דאַך און אין הקדש ווערן די קראַנקע פון ווערים אויפגעפרעסן און פאר די צדקה ־ געלטער קויפט ער צירונג, גאָלד און בריליאַנ־טן פאר זיין אשת ־ חיל!..

ג ב א י —

(אפּ).

י ש ר א ל י ק —

און אים, דעם שתדלן, באטראַכט אים נאָר מיט זיין רחמנות־פּנימל; פון וועלכער ארבעט האָט ער זיך אפּגעשפּאָרט אויף צו קאָנען בויען א דריי - שטאָקיגע הויז? צי ווייסט איר נישט, אז יעדער ציגל איז פאר אייער פּראַצע געקויפט געוואָרן? פאר די קישנס, וואס איר האָט פארקויפט און פארזעצט ביים ראש־הקהל און צו אים די גראָשנס אהינגעטראָגן, כדי ער זאל מיט זיין גרויס רחמנות באוויליקן צו זיין אייער שתדלן!..

ישתדלן —

(אפּ).

ישראליק —

און זיי, אָט די הייליקע גאָטס־קאָזאַקן, די כּלי־קודש, דער רבֿ, שוחט, חזן און משמש,

(בעת ער דערמאָנט די נעמען, שפּרינגען זיי ווי מעכאַניש אויף און גע־מען זיך רוקן אויף אַרויס),

נישט גאָטס געבאָט פרעדיקן זיי, נאָר די געבאָט פון די רייַ־כע באַלעבאַטים, די קהל־פאַרזאָרגער! זיי זשאַלעווען נישט פאַר אייך קיין עולם־הבא, ווייל וואָס מער עולם־הבא זיי זאָגן אייך צו, אַלץ מער עולם־הזה קריגן זיי דערפאַר!..

כּלי־קודש —

(אפּ).

ישראליק —

איר זעט? עדה־קדושה! הייליקע הערעפּאַשניקעס! נישט צום בעטלען שטרעקט אויס די הענט, נאָר באַלט בעסער די פויסטן צום קאַמף! באַפרייט אייך פון זייער ממשלה איבער אייך און ווערט איבער זיך אַליין די באַלעבאַטים! טרייבט אַראָפּ די פּיאַווקעס פון אייער לייב, און איר ראַטעוועט זיך פון אייערע הייליקע בלוט־זויגער!..

(די מומיפיצירטע הערעפּאַשניקעס באַלן די פויסטן און גלייכן אויס די רוקנס און שטעלן זיך איינער הינטער דעם צווייטן ווי צום קאַמף גרייט און גייען מיט ריטמישע טריט ביז אַפּ, ווען עס בלייבן נאָך די לעצטע אַפּגייענדיקע פון דער בינע ווערט פלוצים פינסטער).

## בילד 5

ישראליק —

(גייט אין דער פינסטער ביז אינדערמיט בינע)

אידיש פאָלק! באַפריי דיך פון דער בידנער קליאַטשע אין וועל־

כער דו ביזט מגילגל געווארן! באפריי דיך פאָלק! באפריי דיך פאָלק! באפריי דיך... באפריי... אוי!.. אוי!..

(ער פאלט.)

צ י פ ע —

(קומט אריין צו לויפן מיט אן אנגעצונדענעם לאָמפ)

ווײ איז מיר! וואס שרייסטו אזוי, זון מיינער?

(זי לויפט צום בעט און דערזעט אים נישט, ענדלעך דערזעט זי אים אויף דר'ערד)

זון מיינער! ישראליק! קינד מיינס! שטיי אויף! — סענדער! מענטשן! מיין ישראליק איז אוועקגעפאלן!..

(פון אלע זייטן קומען אן מענטשן צו לויפן)

צ י פ ע —

מענטשן, ראטעוועט! ישראליק איז אוועקגעפאלן!..

( פ אָ ר ה אַ נ ג )

# מקובלים

פון י. ל. פרץ

דראמאטיזירט אין איין אקט, צוויי בילדער

פון נ. צוקער



פארלאג

„דער קונדאַס“

בוענאָס איירעס, 1933

אויפגעפירט צום ערשטן מאָל פון דראמקרייז ביים ווארשעווער

קולטור־צענטער אין טעאַטער "א י ט א ל י א  א ו נ י ט א",

ב. איירעס, 1929

## פארשוינען:

ראש-ישיבה
למד, זיין תלמיד
איציקל, א קלויזניק
טרעגער
אינגעלע

האנדלונג:

צייט — אין דער נאָענטער פארגאנגענהייט
ארט — אין א ישיבה-שטעטל אין פוילן

די בינע שטעלט פאר א קלויז, אין דער טיף פון דער בינע, נעענטער צו דער לינקער זייט אן ארון ־ קודש פארהאנגען מיט אַן אלטן, ערטערווייז צע־ריסענעם געשטיקטן פּרוכת, אין דער הויך א קרוין מיט צוויי, ערטערווייז צעבראכענע באגילדעטע לייבן.

אין דער לינקער זייט פון ארון ־ קודש — אן עמוד מיט צוויי לייכטער, איבער זיי, אויף דער וואנט, א געמאלענער מזרח.

רעכטס פון ארון ־ קודש שטייען עטלעכע אפגעריבענע שטענדערס פאר די מזרח־אידן.

רעכטס און לינקס, צוויי לאנגע טישן מיט בענק אין ביידע זייטן, אינ־דערמיט בינע — א שלחן.

אין דער הויך לינקס — פּאליצעס מיט ספרים, פון וועלכע א גרויסער טייל זיינען מיט צעריסענע איינבאנד, רעכטס — א פענסטער, וואס איז ביז א העלפט פארהאנגען מיט א פארהעננגל פון אן אומבאשטימטן קאליר. אויף דעם טיש, פארנט רעכטס, ליגט אן אפענע גמרא, ביי וועלכער איציקל לערנט. איבער דעם טיש, אויף דער וואנט נעבן פענצטער — א זייגער. פארנט, רעכטס — די טיר, נעבן טיר א כיור מיט א האנטוך.

איידער דער פארהאַנג הויבט זיך אויף, הערט זיך א מיסטיש ־ חסידישער געזאנג, צוערשט שטיל, דאן העכער, העכער ביז די טענער ווערן ווידער שטי־לער און שטילער און ווען עס שטארבט אפּ דער לעצטער קלאנג, הויבט זיך אויף דער פארהאנג.

## בילד 1

דער ר א ש ־ה י ש י ב ה זיצט אויבנאַן ביים לאנגן טיש לינקס, אין א טיף ־ נאכדענקענדיקער פּאזע בעת ל מ ד שטייט אויפן טיש און זוכט אין די פּאליצעס א ספר, אַט נעמט ער ארויס אַ ספר, מאכט עס אויף, זעט אז עס איז נישט דאָס, וואס ער זוכט, איז ער עס מפיים מיט א קוש און שטעלט עס צוריק אריין און זוכט ווייטער.

אין דער זעלבער צייט גייט א י צ י ק ל אויף און אפּ פון דער טיף צום פּראַנט, עס רייסן זיך דורכן פענצטער שטראלן פון דער זון, באלד לעשן זיי זיך

און איציקל שטעלט זיך אַפּ ביים פענצטער, רוקט אַפּ א שטיקל פאר־הענגל, קוקט ארויס און זינגט:

איציקל —*)

מאי קא משמע לן דער רעגן,
וואס־זשע לאָזט ער מיך צוהערן?
זיינע טראָפּנס אויף די שויבן,
קייקלען זיך ווי דריבנע טרערן.
מיינע שטיוול זיינען צעריסן
און אין גאס ווערט א בלאָטע,
באלד וועט אויך דער ווינטער קומען,
כ'האָב קיין וואַרימע קאַפּאָטע...

למדן —

געפינט אין דער צייט ווען איציקל זינגט, דאָס געזוכטע ספר, ער גייט באַמעלער אראָפּ פון טיש, זיין פּנים איז אַפּגעצערט, די אויגן ברייט אויפ־געריסענע, קוקן ווי פון אן אנדער וועלט, ער זעצט זיך אויף דער באַנק ביי דער וואַנט אין דער לינקער זייט פון ראש־ישיבה.

ראש־ישיבה —

ווי פאר זיך:

אין דעם זיינען פאראַן אַ סך בחינות: איינער קען א שטיקל, איינער א האַלבן און איינער קען א גאַנצן ניגון. — דער רבי, ז"ל, האָט געקענט א גאַנצן ניגון, אפילו מיט א צושפּיל! איך... האָב קוים די זכיה צו א פּיצעלע. אָט אזוי די גרויס...

למדן —

הערט זיך אָנגעשטרענגט צו און שלינגט יעדעס וואָרט ווי עס וואָלט פאר אים אנטדעקט א גאַנצע וועלט.

יאָ...

ראש־ישיבה —

עס איז פאַראַנען א ניגון, וואָס מוז האָבן ווערטער... דאָס איז גאָר א נידעריקע בחינה... עס איז פאראַן א העכערע בחינה,

*) דאָס ליד „מאי קא משמע לן" איז פון א. רייזען

א ניגון, וואס זינגט זיך אליין, גאָר אָן ווערטער — א ריינער ניגון! נאָר ד ע ר ניגון דאַרף נאָך האָבן א קול און ליפּן, דורך וועלכע דאָס קול גייט ארויס! און ליפּן — פאַרשטייסטו — זיינען דאָך גשמיות! און דאָס קול, כאָטש עס איז אן איידעלער גשמיות, אָבער גשמיות איז עס!..

א י צ י ק ל —

איז נאָך א ווײַלע געשטאַנען ביים פענצטער און ארויסגעקוקט, גייט איצט צו דער אָפענע גמרא און לערנט מיט א שטילן ניגון.

ר א ש ־ י ש י ב ה —

און לאָז זיין, ווען אפילו דאָס קול שטייט אויף דער גרעניץ צווישן רוחניות און **גשמיות, אבער סיי־ווי־סיי, דער ניגון,** וואס הערט זיך מיט א קול, וואס הענגט אָפּ פון די ליפּן, איז נאָך נישט ריין, נאָך נישט אינגאַנצן ריין... נאָך נישט קיין אמתע רוחניות!..

ל מ ד —

יאָ... רבי...

ר א ש ־ י ש י ב ה —

דער אמתער ניגון אבער, זינגט זיך גאָר אָן א קול... עס זינגט זיך אינעווייניק, אין האַרץ, אין די געדערים! און אָט דאָס איז דער סוד פון דוד המלכס ווערטער: — „כל עצמותי תאמרנה“!... אינם מארך פון די ביינער דאַרף זינגען, ד אָ ר ט דאַרף זיין דער ניגון, דער העכסטער שבח פאַר גאָט ברוך־הוא! דאָס איז נישט דער ניגון פון א בשר - ודם, דאָס איז נישט קיין א ו י ס ג ע ט ר א כ ט ע ר ניגון! דאָס איז שוין א חלק פון ניגון, מיט וועלכן גאָט האָט די וועלט באַשאַפן; פון דער נשמה, וואס ער האָט ארייגעבלאָזן אין איר...

מיט אזא ניגון זינגט די פמליה של מעלה און אזוי האָט אויך געזונגען דער „ייד“ הקדוש זכרונו לברכה!..

(אויפטריט טרעגער)

— טרעגער

מיט שטריק ארום די ארעמס, קומט אריין מיט א טאָפּ געקעכטס און א שטיק ברויט פארבונדן אין א פאטשיילע, גייט צו, שטעלט אוועק דאָס פּעקל אויפן טיש נעבן רבין),

ר' טעבל שיקט פארן ראש־ישיבה עסן!

(בינדט פונאנדער די פאטשיילע, באהאלט זי)

נאָך דער שיסל וועל איך קומען שפּעטער...

(אָפּ)

— ראש־ישיבה

(ווארעמט זיך די הענט ביי דער הייסער שיסל, בעת למד קוקט אלץ אויף אים אין פולער דערוואַרטונג, ער זאָל פאַר אים ווייטער אויפדעקן די סו־דות פון א ניגון, ראש־ישיבה שטייט ענדלעך אויף, גייט צו צום כיור, למד נאָך אים, ווי מאנענדיק און גייענדיק צום כיור, זעצט דער ראש־ישיבה פאָר:

נאָר א י ך האָב אפילו נישט די זכיה משיג צו זיין, אין וואס פּאַרא בחינה דאָס איז; און וועלכן ש ע ר דאָס קומט!.. זעסטו, די סגופים און צרופים, וואס מען דארף דערצו, די ווייס איך און איך וועל זיי דיר אפשר נאָך היינט איבערגעבן!..

וואשט זיך, זאגט "שאו ידיכם קודש", למד ווארט נאָר אלץ געשפּאנט צו הערן א ווארט, נאָר דער ראש־ישיבה גייט צוריק צום טיש, מאכט א „המוציא", טינקט א שטיקל ברויט אין זאלץ, וואס ליגט אין א פּאפּי־רעלע, עפנט פאמעלעך די צודעק פון שיסל, עס שלאָגט ארויס א פּארע, עסט ער מיט דער רעכטער האנט בעת די לינקע ווארמט ער אָן דער היי־סער שיסל.

— למד

איז פאמעלעך צוגעקומען צו זיין פּלאץ נעבן רבין, ווי אינסטינקטיוו ציט דער ריח פון שיסל צו זיין בליק און ער קוקט אריין אין איר; ער וויל אוועקרייסן די בליקן, נאָר ער קוקט אלץ זשעדנער און ער כאפּט זיך די האנט צום הארץ און פּלוצלינג באהערשט ער זיך, גיט א שאר

מיט דער האנט, ווי ער וואלט מיט איר געוואלט אפשטופּן די זינדיקע מחשבות, פארשטעלט זיך די אויגן, לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ אויפן טיש און בלייבט אזוי ווי באוואוסטלאָז. אין דער זעלבער צייט שלאָגט דער זייגער פיר.

א י צ י ק ל —

קוקט אויפן זייגער, פארטראכט זיך, זינגט:

מאי קא משמע לן דער זייגער,
וואסזשע לאָזט ער מיך צו הערן?
מיט זיין געלן ציפער-בלעטל
מיט זיין קלינגען מיט זיין שווערן?
ס'איז אן אָנגעצויגענע כלי
אָן א הארץ און אָן געפילן,
קומט די שעה, דאן מוז ער שלאָגן
אָן זיין רצון, אָן זיין ווילן...

בעת איציקל שטעלט זיך צוריק אין פריערדיקער פּאזע ביי דער גמרא, אויפטריט איננעלע.

א י נ נ ע ל ע —

קומט אריין מיט א טעפּל געקעכטס און ברויט, גייט צו ביז צום טיש:

ר' יוסף שיקט דעם תלמיד אָנבייסן...

קוקט זיך ארום אפגייענדיק הינטערווייַלעכץ ביז אפּ.

ר א ש ־ י ש י ב ה —

נאָך א ווייַלע, זעענדיק, אז למך רירט זיך נישט, רירט ער אים פּאַ־מעלעך ביי אן אקסל און וועקט אים:

למך, מען האָט דיר געבראכט עסן; — למך...

ווען למך רירט זיך נאָך אַלץ נישט, פארדעקט ער זיין שיסל, שטייט אויף גייט צו נאָענט צו למכן און גלעט אים פאטערלעך:

למך, מען האָט דיר געבראכט עסן...

ל מ ך —

אומבאוועגלעך:

איך ווייס, רבי... נאָר איך וועל היינט נישט עסן...

ראש־ישיבה —

דער פערטער תענית? למך, ווילסטו היינט אויך פאסטן און אַן מיר?..

למך —

דאָס איז אַן אַנדער תענית, רבי, עס איז א תענית־תשובה!...

ראש־ישיבה —

וואס עפּעס...

למך —

יאָ, רבי, א תענית תשובה... ווייל פריער, ווען איר האָט אָנגעהויבן עסן, האָב איך געהאַט א הרהור... א הרהור, רבי, עובר צו זיין אף לא תחמוד!..

ראש־ישיבה —

גרויסער תלמיד מיינער...

(נעמט ארום למכס קאפּ מיט ליבשאפט און צעוויינט זיך)

(פאָרהאַנג)

# בילד 2

די בינע ווי אין ערשטן בילד, נאָר אויפן עמוד שטייט אין איין לייבטער א יאָרצייט־ליכט, שוין א היבש שטיק אפּגעברענט.

איידער דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, הערט זיך ווי דער זייגער קלינגט אויס צוועלף מאָל, דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף.

די בינע ווערט באלויכטן פון יאָרצייט־ליכט און פון דעם ליכטל, וואס איציקל האַלט אין דער האַנט ביים שטענדער, וואו ער לערנט.

אויף די צוויי בענק ביים טיש לינקס, ליגט ביי דער וואַנט דער ראש־ישיבה און צו דער מיט — למך. זיי שלאָפן.

איציקל —

באטראַכט דאָס שמעלצנדיקע ליכטל, זינגט:

מאי קא משמע לן דאָס ליכטל,

וואס־זשע לאָזט עס מיך צו הערן?

ס'קאַפּעט און עס טריפט איר חלב
ביז עס וועט דערפון נישט ווערן;
אַזוי צאַנק איך דאָ אין קלייזל,
ווי דאָס ליכטל שטיל און טונקל,
ביז איך וועל אַזוי מיר אויסגיין
אָט־אָ־דאָ אין מזרח־ווינקל...

ל מ ך —

גיט זיך פּלוצים א כאַפּ אויף:

רבי! רבי!..

ר א ש - י ש י ב ה —

דערשראָקן:

וואָס איז? וואָס איז, למך?

ל מ ך —

איך בין אצינד געווען אין דער הויכער מדרגה!..

ר א ש - י ש י ב ה —

זעצט זיך האַסטיק גלייך

ווי אַזוי? רעד, ווי אַזוי?

ל מ ך —

עס האָט אין מיר געזונגען!..

ר א ש - י ש י ב ה —

בויגט זיך אַריבער צו למכן

ווי אַזוי? ווי אַזוי?

ל מ ך —

איך ווייס אליין נישט, רבי, איך האָב נישט געקענט שלאָ־פן... האָב איך זיך פאַרטיפט אין אייער שמועס... איך האָב דאָווקע געוואָלט קענען דעם ניגון... און פון גרויס צער, וואָס איך קען נישט דעם ניגון, האָב איך אָנגעהויבן וויינען... אַליין האָט אין מיר געוויינט!.. אַלע אברים האָבן געוויינט צום רבונו של עולם...

ראש-ישיבה —

נו - נו ?

למך —

דערביי האָב איך געמאכט די צרופים, וואס איר האָט מיר היינט איבערגעגעבן און א וואונדערלעכע זאך! נישט מיטן מויל, נאָר עפּעס אינעווייניק... פון זיך אליין... ראפּטום איז מיר ליכטיק געווארן! איך האָב געהאלטן די אויגן פארמאכט, און עס איז מיר געווען ליכטיק... זייער ליכטיק... זייער שטארק ליכטיק...

ראש-ישיבה —

אָט - אָט ! . .

למך —

דערנאָך איז מיר פון דעם ליכט געווארן אזוי גוט... אזוי לייכט... עס האָט זיך מיר געדאכט, אז איך וועג גארנישט; אז מיין גוף האָט די וואָג פארלוירן; אז איך קען פליען!..

ראש-ישיבה —

אָט-אָט! נו?..

למך —

דערנאָך בין איך געווארן לוסטיק, לעבעדיק און לאכנדיק... דאָס פּנים האָט זיך ביי מיר נישט גערירט, די ליפּן אויך נישט... און דאָך האָב איך געלאכט... און אזוי גוט... אזוי הארציק... אזוי נחתדיק געלאכט!..

ראש-ישיבה —

אין וואקסנדיקער באגייסטערונג:

אָט-אָט, מתוך שמחה!..

למך —

דערנאָך... האָט עפּעס אין מיר געברומט... ווי אַן אָנהויב פון א ניגון געברומט!..

ראש-ישיבה —

שפּרינגט האסטיק אראָפּ פון דער באנק, לויפט צו צו למכן זיים:

נו? נו?..

למד —

דערנאָך האָב איך געהערט ווי עס האָט אין מיר אָנגעהויבן זינגען!..

ראש־ישיבה —

וואס האָסטו געפּילט? וואס? וואָס? זאג!..

למד —

איך האָב געפילט ווי אלע חושים זיינען אין מיר פארשטאָפּט און פארמאכט און עפּעם אינעווייניק זינגט... און אזוי ווי מען דארף — גאר אָן ווערטער! גאר אָן ווערטער! אָט אזוי.. אָט אזוי . . .

ראש־ישיבה —

ווי אזוי? ווי אזוי?..

למד —

ניין... איך קען נישט... פריער האָב איך געוואוסט... דערנאָך איז פונם זינגען געווארן... געווארן...

ראש־ישיבה —

וואס? וואָס איז געווארן?

למד —

א מין שפילן... גלייך, להבדיל, איך וואלט אינעווייניק אין מיר א פידל געהאט... אדער גלייך יונה כלי־זמר זאל אין מיר זי־צן און שפילן זמירות, ווי ביים רבינס טיש... נאָר עס האָט גע־שפילט נאָך בעסער, נאָך איידעלער, מיט נאָך מער רוחניות... און אלץ אָן א קול... אָן א שום קול... סאמע רוחניות!... סאמע רוחניות!.. אָט אזוי.. אָט אזוי...

ראש־ישיבה —

וואויל איז דיר! וואויל איז דיר! תלמיד מיינער!..

למד —

שטארק אפגעשוואכט:

און אצינד איז אלץ אוועק... עס האָבן זיך מיר צוריק געעפנט

די חושים און איך בין אזוי מיד!.. אזוי מיד... א — ז — ו — י
מ — י — ד ! . . אז...

כאפט זיך פלוצים ביים הארץ, ציטערט אין קאנוואולסיע:

רבי! רבי! זאגט מיט מיר ווידוי!.. מען איז געקומען נאך מיר!..
עס האט דארט אין פמליה של מעלה א זינגערל פארפעלט!..
א מלאך מיט ווייסע פליגל... רבי! רבי!.. שמע ישראל. שמע...
יש . . .

(שטארבט)

ראש־ישיבה —

דערשראקן און באגייסטערט:

למך! למך!.. תלמיד מיינער!

ברעכט צוזאמען, גייט ציטערדיק ביז צום עמוד, צעוויינט זיך.

איציקל —

צוקוקנדיק זיך צו דער סצענע, נעמט אים אויפלעצט שטיקן, ער רייסט זיך אויף דעם קאלנער:

אז איך קאן נישט מער! רבונו של עולם, איך קאן נישט!..

זינגט:

מאי קא משמע לן מיין לעבן
וואטזשע לאזט עס מיך צו הערן?
פוילן, וועלקן, אין דער יוגנט,
פאר דער צייט פארעלטערט ווערן...
עסן טעג און שלינגען טרערן
שלאפן אויף דעם פויסט, דעם הארטן,
טויטן דא די עולם הזה,
און אויף עולם הבא ווארטן!...

**ראש־ישיבה —**

גייט א געבויגענער צוריק פון עמוד, דעקט למכן איבער מיט דער קאפאטע:

ברוך דיין אמת!..

צעוויינט זיך — פארהאנג —

# דער קונסט-מאַלער

פון דוד עדלשטאט

סצענירט אין איין אקט

פון נ. צוקער



פארלאג

"דער קונדאַס"

בוענאָס איירעס, 1933

אויפגעפירט צום ערשטן מאָל דורכן דראמקרייז ביים גאליציאנער
פארבאנד, אין טעאטער - סאלאָן „20 דע סעפטיעמברע“,
בוענאָס איירעס, 1926

## פ אַ ר ש ו י נ ע ן :

ל ע אָ נ א ר ד אָ — א קונסט - מאָלער.
ב ע ט ל ע ר
ר אָ ז א ל י נ ע — א הארפּן - שפּילערן.

## ה א נ ד ל ו נ ג :

צ י י ט — קעגנוואַרט.
אָ ר ט — אמעריקע.

די בינע שטעלט פאָר אַן אָרים הילצערן בוידעם - שטיבל, לינקס — די טיר. די מעבל באַשטייען פון אַ שמאָל אײַזערן בעטל, וואָס שטייט אין הינ־טערגרונט ביי דער וואַנט לינקס, נעבן בעטל ביי דער וואַנט אַ טישל מיט אַ שטול, פאַרנט רעכטס, שטייט אַן אָפּגעריבענער מאָלער - שטענדער מיט אַן אָנגעהויבן בילד. אויף דער וואַנט רעכטס, הענגט אַ גרויסע באַמאָלענע לייוונט און אויף דער ערד אָנגעשפּאַרט אַן די ווענט שטייען קליינע בילדער.

אויף דעם טישל — אַ קליין נאַפט - לעמפּל און איבער דעם טישל אויף דער וואַנט, הענגט אַ פּאָרטרעט פון אַ רייכן מאַן.

נאָכמיטיק.

איידער דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, הערן זיך די קלאַנגען פון גי־טאַרע - שפּיל באַגלייט פון סענטימענטאַלן געזאַנג, דער פאָרהאַנג גייט אויף.

# ערשטע סצענע

לעאָנאַרדאָ —

איז שטאַרק אָפּגעטראָגענע קליידער גייט אויף און אָפּ, אין זיין גאַנג איז קענטיק מידקייט און אָפּגעשוואַכטקייט.

וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? איך בין שרעקלעך הונגע־ריק; איך מוז ערגעץ באַקומען עטלעכע סענט אויף ברויט...

קוקט זיך אום, באַטראַכט די זאַכן, ביטער:

פאַר דעם אַלעם וועט קיינער קיין סענט נישט געבן...

שפּאַנט ווייטער אויף און אָפּ, ביז זיין בליק שטעלט זיך אָפּ אויפן פּאָרטרעט, וואָס הענגט איבער דעם טישל:

זאָל איך עס וואַגן? זאָל איך וואַגן דאָס איידעלע, גוטע פּנים צו טראָגן אויפן מאַרק, כדי צו שטילן מיין הונגער? פעטער! פעטער מיינער! פאַרוואָס האָסטו מיך פריער נישט באַקאַנט געמאַכט מיט די שטורמען פון לעבן? האָסט מיך אַריבערגע־בראַכט קיין אַמעריקע, האָסט מיך געלאָזט שטודירן, האָסט מיך געמאַכט פאַר אַ קינסטלער, און פּלוצלינג ביזטו געשטאָר־בן און האָסט מיך איבערגעלאָזט, ווי אַ מאַכטלאָז קינד אויף אַ זינקענדיקער שיף...

פעטער! פאַרוואָס האָסטו מיך נישט באַקענט מיט די שטור־מען פון לעבן?!

נעמט אַראָפּ דאָס בילד, באַטראַכט עס מיט פאַרביטערונג, שרייט דערצו:

פאַרוואָס האָסטו מיך נישט געלערנט צו קעמפן מיט די כוואַ־ליעס פון נויט?..

קעמפט מיט זיך, וויל דאָס בילד צוריק אויפהענגען, קוקט זיך נאָכ־אַמאָל אַרום, כאַפּט דאָס בילד קושט עס, דריקט עס צום האַרץ:

איך מוז! נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג... זיי מוחל פעטער, איך קאָן נישט מער!.. דער הונגער טרייבט מיך!..

כאַפּט דעם הוט און פעלערינע, וואָס הענגען אויף אַ משוואָק ביי דער טיר, נעמט דאָס בילד, שנעל אָפּ.

## צווייטע סצענע

עס הויבט אָן טונקל ווערן. פון אַ נעבן שטיבל דערהערן זיך די קלאַנ־גען פון ראַזאַלינעס גיטאַרע - שפּיל, עס ווערט שטיל, נאָך אַ ווײַלע — אויפטריט ראַזאַלינע.

ר אָ ז אַ ל י נ ע —

קומט אַריין מיט אַ קוישל בלומען און אַ טעצל ברויט, זי שטעלט עס אויפן טיש, קוקט זיך אַרום אין שטיבל מיט באַוואונדערונג, צעוואַרפט די בלו־מען און ציט זיך פאַמעלעך צוריק ביז אָפּ.

## דריטע סצענע

עס איז שוין גאַנץ טונקל.

ל ע אָ נ אַ ר ד אָ —

קומט צוריק אַ מידער, שטעלט אוועק דאָס בילד, וואַרפט אַראָפּ פון זיך הוט און פעלערינע, גייט צו צום טיש, צינדט אָן דאָס לעמפּל, דערזעט פּלוצים דאָס ברויט. ער קוקט זיך אום מיט פאַרוואונדערונג און דערזעט די בלומען:

ברויט! בלומען! וואָס זע איך? ווי אַזוי קומט דאָס אַלעס דאָ אַהער?

קוקט זיך אַרום:

אָבער וואס פארא נאַר איך בין! ווי אזוי קאָן א הונגעריקער־
מענטש טראכטן ווי אזוי און פונוואנען; בעסער צו־ערשט עסן
און דערנאָך טראכטן...

זעצט זיך, עסט, עס דערהערט זיך ראזאלינעס שפילן. ער הערט זיך איין:

וואָס פארא פארכישופטע נאכט! דאָס עסן און די מוזיק...

עס דערהערט זיך פון נעבן־שטיבל דאס געזאנג פון:

ראָזאַלינע —

עס פינקלען די שטערן, עס רוישן די וועלן,
פון דעם זילבערנעם וואסערפאַל;
עס לאכן די רויזן, עס קלינגען די טרעלן
פון דער פארליבטער נאכטיגאל...

לעאָנאַרדאָ —

איז אויפגעשטאנען. הערט זיך איין מיט אנטציקונג:

וואָס פארא שיינע, זיסע שטימע!..

ראָזאַלינע —

זאָרג נישט געליבטער, וויש אָפּ דיינע טרערן,
רו מיט דיין מידן קאָפּ אויף מיין ברוסט;
שלאָפן שלאָף רואיק, איך וועל דיר נישט שטערן,
איך האָב ווי דו פיל ליידן געוואוסט!..

א ווײַלע הערט זיך נאך בלויז גיטארע שפיל.

לעאָנאַרדאָ —

ווער זאל עס זיין? א מלאך? אָ, וואס פארא שיינע געטלעכע
שטימע!..

די מוזיק הערט אויף. עס דערהערט זיך דאס פארמאַכן פון א פענצטער.
לעאָנארדא שטייט א ווײַלע ווי דערוואַרטנדיק אויפסניי עפעס א וואונ־
דער. גייט דערנאָך צום מאָלער ־ שטענדער, באטראכט די פענזל, לייגט
זי אוועק, קוקט זיך אום איז שטוב, דערזעט דעם פעטערס פאָרטרעט,
הויבט עס אויף:

אָ, ווי מיאוס און ווי לעסטיק איז מיר דאָס לעבן!.. וואו איך

בין אלץ נישט געווען מיט דעם בילד און קיינער האָט דערפאַר נישט געוואָלט געבן קיין סענט...

העגנט עס צוריק אויף איבערן טישל, קוקט זיך ארום, גייט צו צום בעט, זעצט זיך דערויף:

איך דערמאָן זיך א בילד... אוי, ווי שרעקלעך!... איך בין פאַר-בייגעגאַנגען נעבן א קירכע. נעבן די מאַרמאָרנע טרעפּ איז געשטאַנען א בעטלער. זיין פּנים איז געווען ווי א שטיק פאַר-טרוקנטע לעדער, קאַלט און לעבנסלאָז. זיינע הענט זיינען געווען ווי די הענט פון א סקעלעט און אויף זיין שמוציקן האַלז האָ-בן זיך געזען שוואַרצע וואונדן. זיינע שמאַטעס זיינען געווען דורכגענעצט פון ווינט און רעגן און זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט.

פון קירכע איז אַרויסגעגאַנגען א רייך - געקליידעטער מענטש אין א זיידענעם צילינדער. דער בעטלער האָט צו אים אויסגע-שטרעקט זיין ציטערדיקע סקעלעטן - האַנט. דער פיינער דזשענטעלמאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט פּאַמעלעך אריינ-געזוקט די האַנט אין טאַש און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן א דיקן טייסטער. פון טייסטער האָט ער פאַרזיכטיק אַרויסגע-שלעפּט א פּאַק פּאַפּיר - געלט, איבערגעציילט עס און צוריק אריינבאַהאַלטן. דערנאָך האָט ער פון וועסטל - טאַש אַרויס-גענומען עטלעכע גאָלדענע מטבעות, גוט זיך צוגעקוקט צו זיי און אויך צוריק אריינגעלייגט אין טאַש. ער האָט נאָך א קוק געגעבן אויף זיין גאָלדענעם זייגער, גלייכגעמאַכט זיך דעם צילינדער און אַרויסברומענדיק: — "איך האָב נישט קיין קליין-געלט", האָט ער זיך אָפּגעקערט פון אים, און דער בעטלער איז געבליבן שטיין מיט זיין אויסגעשטרעקטער האַנט, ווי באַ-טויבט...

דער רייכער דזשענטלמאַן איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן. דער רעגן האָט געגאָסן און געשמיסן אין פּנים פונם בעטלער, וואָס

איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט זיין אויסגעצויגענער סקעלעטן־האַנט און פון זיינע בלוטלאָזע ליפּן האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ביטערע קללה און זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פון ווינט און רעגן...

לענט זיך אָן אַ מידער אויפן בעטל.

אָ, ווי מיד איך בין פון לעבן!.. ווי מיד!..

(ווערט אַנדרימלט)

## פערטע סצענע

די לייוונט פון דעם גרויסן בילד ביי דער וואַנט רעכטס, הויבט זיך אויף און אין דער ראַם באַווייזט זיך דער בעטלער.

בעטלער —

רוקט זיך ריטמיש ווי מומיפיצירט אַרויס ביז אינדערמיט בינע:

איך בין די אָרימקייט! די ביטערע, שרעקלעכע אָרימקייט. איך בין דאָס שרעקנס - בילד פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט! אין מיר זיינען פאַרקערפּערט אַלע פאַרברעכנס און ליידן, די ברע־נענדיקע שמערצן פון טויזנטער און מיליאָנען באַרויבטע, דער־נידעריקטע און צעטראָטענע מענטשן - לעבנס! קוק זיך גוט צו צו מיר; איך בין שמוציק, העסלעך, באַדעקט מיט שמאַטעס; איך לעב ווי אַ הונט און לעק די שטיוול פון יעדן איינעם, וואָס וואַרפט מיר צו אַן אָפּגענריזשעט ביינדל. איך בין פאַרקריי־פּלט, פאַרפּעסטעט, אַ בעטלער, אַן אויסוואָורף! אָבער ווער האָט גערויבט מיין מענטשן-ווערט? עס איז נישט פאַראַן קיין פאַרברעכער, וואָס זאָל אַמאָל נישט האָבן געווען אַן אומשול־דיק קינד !

האָסטו געזען דעם רייכן מאַן, פאַר וועלכן איך בין ביי דער קיר־כע געשטאַנען מיט מיין אויסגעשטרעקטער האַנט? האָסטו גע־זען ווי ער האָט זיך גלייכגילטיק אָפּגעקערט פון מיר? ער איז אַוועק טרינקען וויין, און האָט אָן אַ שוידער איבערגעלאָזט זיין מיט - מענטשן שמאַכטן אין הונגער און אין קעלט. דאָס איז דער

פארשטייער פון יענע מענטשן - מערדער, וועלכע פראָדוצירן אזעלכע פארקריפּלטע בעטלער, ווי איך!..
לעאָנאַרדאָ! שוין גענוג האָסטו געמאָלן די נאַטור - שיינקייטן פון דער וועלט, וועלכע איז צו דיר אזוי גרויזאם! מ יי ן געשטאַלט מוזטו צונאָגלען צו דיין מאָלער - לייוונט! מיט דיין הארצנס - בלוט מוזטו מאָלן מיין בילד, דאָס בילד פון מענטשלעכע ארימקייט און דערנידעריקונג!
ווען דו וועסט איבערטראָגן מיין געשטאַלט אויף דיין מאַלערלייוונט, ווען עס וועט ארויסקומען פון אונטער דיין פּענזל דאָס פאַרצווייפלטע, הימל - שרייענדיקע געשפּענסט פון דער בארויבטער און פאַרגוואַלטיקטער מענטשהייט, דאַן קלאַפּ אָן אין די פּאַלאַצן פון די רייכע און זאַטע און שטעל אַוועק פאַר זיי מיין בילד! ווייז פאַר זיי די וועלט פון די בלוטנדיקע און ליידנדיקע! פאַרהילך זייער לוסטיקע מוזיק, מיט דער ביטערער קללה פון מיין צעבראָכן האַרץ! פאַרגיפּטע זייער ווײַן מיטן בלוט פון מיינע וואונדן! זייערע בלומען - קראַנצן דעק צו מיט מיינע שמוציקע בעטלער - שמאַטעס! פאַרפאָלג זיי מיטן שרעקנס בילד פון זייערע געפאַלענע קרבנות!..

דער בעטלער פארשווינדט פון וואַנען ער איז געקומען.

## פינפטע סצענע:

ל ע אָ נ אַ ר ד אָ ---

כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, שפּרינגט אַראָפּ פון בעט, לויפט צו צום מאָלער־שטענדער, וואַרפט זיך אויף די קני:

פּענזל! פאַרב! ענדלעך האָב איך דיך געפונען, מיין אידעאַל! מיין לעבן! איצט וועסטו שוין נישט מער אַוועק פון מיר!

שטייט אויף, נעמט פּענזל און פאַרב, מאָלט:

יאָ, דאָס בילד פון מענטשלעכע ליידן מוז ווערן דאָס ווערק פון מיין לעבן ! דיר אליין וועל איך אָפּגעבן מיין בלוט, מיין האַרץ און מיין נשמה!..

עס דערהערט זיך ווי פריער פון דער נעבן־שטוב צוערשט שפילן, דער־

נאך זינגען:

ר אָ ז אַ ל י נ ע —

עס פינקלען די שטערן, עס רוישן די וועלן
פון דעם זילבערנעם וואסער־פאל,
עס לאכן די רויזן, עס קלינגען די טרעלן
פון דער פארליבטער נאכטיגאל...

ל ע אָ נ אַ ר ד אָ —

פארטיפט אין זיין ארבעט, הערט נישט די מוזיק, ווען עס ווערט שטיל,
ווערט ער שוואכער און שוואַכער, די האנט לאזט זיך אראפ, מיד:

אוי... ווען איך זאל נאָר האָבן גענוג כח צו פארענדיקן דאָס
בילד, דאן וואלט איך רואיק געשטאָרבן!..

שטרענגט זיך אן, וויל ווייטער ארבעטן, ווערט אבער שוואכער, לאזט זיך
א מידער אראפ אויף דער ערד.

וואסער! וואסער...

## זעקסטע סצענע:

ב ע ט ל ע ר —

באוויזט זיך ווי פריער:

שטיי אויף און ענדיק דיין ווערק!..

אפ.

## זיבעטע סצענע:

ל ע אָ נ אַ ר ד אָ —

באמיט זיך, שטייט שווער אויף, וויל מאלן, די פיס ברעכן זיך אים
אונטער. ער פאלט.

## אכטע סצענע:

ר אָ ז אַ ל י נ ע —

קומט אריין נישט דרייסט, קוקט זיך ארום און דערזעענדיק אים אויף דער
ערד, לויפט זי צו:

לעאָנאַרדאָ! לעאָנאַרדאָ!

הויבט אונטער זיין קאָפּ:

איך בין ראָזאַלינע; איך וואוין דאָ אין דעם צווייטן שטיבל... איך בין אַ האַרפּן - שפּילערן; זאָגט, וואס איז אייך? מיט וואָס קאָן איך אייך העלפן?..

לעאָנאַרדאָ —

האָ? דאָס זייט איר דער מלאך, וואס האָט מיר געבראַכט עסן?.. ליידער איז עס צו שפּעט... דאָך, העלפט מיר זיך אויפזעצן... גיב מיר מיין פענזל... איך וויל שטאַרבן מיט מיין וואפן אין האַנט...

ראָזאַלינע —

טוט עס.

לעאָנאַרדאָ —

איך בין שרעקלעך שוואך... ראָזאַלינע... ברענג דיין האַרפּע... און זינג מיר אַ זיס ליד... אפשר וועט עס מיך באַגייסטערן, איך זאָל קענען פאַרענדיקן מיין ווערק... ראָזאַלינע... ראָזאַ-לינע . . .

ראָזאַלינע —

לויפט שנעל אַפּ און קומט צוריק מיט איר האַרפּע, קניט אנידער נעבן לעאָנאַרדאַ, לענט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט, זינגט:

זאָרג נישט געליבטער, וויש אָפּ דיינע טרערן,
רו מיט דיין מידן קאָפּ אויף מיין ברוסט;
שלאָפן שלאָף רואיק, איך וועל דיר נישט שטערן,
איך האָב ווי דו פיל ליידן געוואוסט!..

בעתן זינגען, זינקט לעאָנאַרדאָס קאָפּ נידעריקער, ביז ער שליסט זיך מיט ראָזאַלינעס קאָפּ, און ביים פינאַל פון גאַנץ פיאַנסימאָ - געזאַנג זעט עס אויס, ווי זיי וואָלטן אַזוי איינגעשלאָפן דעם אייביקן שלאָף.

—— פאָרהאַנג ——

נ. צוקער „פאַר דראַמקרייזן", 11.

# בּרידער

פראגמענט פון „ב יים פרעמדן חופה-קל ייד“

פון י. ל. פּרץ

באארבעט אלס אָפּערע - ליברעטאָ אין איין אקט, צוויי בילדער

פון ג. צוקער



פאַרלאַג

„דער קונדאַס“

בוענאָס-איירעס, 1933.

## —פאַרשוינען:—

1-טער ברודער
זיין פרוי
2-טער ברודער
זיין פרוי
שטן
ארבעטער און ארבעטערנס
מלאכים-כאָר

# בילד 1.

די בינע שטעלט פאָר אַ פלאַך שטיקל פעלד, ארומגערינגלט מיט בערג, וואס־שטייגן העכער איז פערספעקטיוו פון די דעקאראציעס. פאָרנט, אויפן גרינעם־פלאַץ, שטייט א גרויסע לייוונט ־ געצעלט מיט דער עפענונג צום פראָנט. פון צווישן די בערג ־ שפיצן, רייסן זיך אריין אין טאָל זון ־ שטראַלן.

ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, דערשיינען פון צווישן די בערג פון אַלע זייטן מ ל א כ י ם ־ כ אָ ר, טאנצענדיקע און אזוי טאנצענדיק קומען זיי זיך צונויף און שאפן פארשידענע פיגורן ביים פראָנט פון געצעלט.

מ ל א כ י ם - כ אָ ר —

זינגט:

נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס בלאַנקט און גלאַנצט !
נישט דאָס איז פרייד, וואָס לאַכט און טאַנצט !
נישט דאָרט איז גליק, וואו צירונג בליצט,
וואו איידלשטיין מיט פונקען שפריצט !

א לייוונט ־ געצעלט צוגעפעסטיקט מיט שטריק
קאָן געבן דעם מענטשן פיל שיינקייט און גליק
אָן פוצעכץ, אָן צירונג, נאָר חנעוודיק האָלד
באַשיט עס די זון יעדן טאָג מיט איר גאָלד,
אַזוי ווערט פון הימל די ליבע באַלוינט
דער פלאַץ, וואס צוויי ברידער אין שלום באַוואוינט,
וואו ס'האלטן צוויי הערצער צוזאמען געטריי,
וואו שווער איז די ארבעט, נאָר ס'ארבעט זיך פריי,
וואו פראָסט זיינען קליידער, מיט קלייען דאָס ברויט,
נאָר אַלץ איז בשותפות די פרייד און די נויט.

נישט דאָרט איז גליק, וואו צירונג בליצט,
וואו איידלשטיין מיט פונקען שפריצט,
נישט אַלץ איז גאָלד, וואס בלאַנקט און גלאַנצט;
נישט דאָס איז פרייד, וואס לאַכט און טאַנצט!..

ווי גוט איז דאָס לעבן,
די צייט טוט זיך וועבן
איר לאנגן, איר כשרן פּאָדים...

טאנצן ביז אַפּ, עס קומען 1־טע און 2־טע פּרויען פון רעכטס, אנגעטון אין פּראָסטע ווייסע לייוונט ־ טוניקס, אויף די אקסלען טראָגן זיי יעדע אַן ערדענע קרוג, זיי גייען צו ביז דער עפּענונג פון געצעלט, שטעלן זיך אפּ, שטעלן אראָפּ די קריגן.

1־טע פרוי —
די זעסט, די ערד האָט זיך באפרייט,
פון שלאָף , פון פראָסט און שניי !

2־טע פרוי —
איך זע, די ערד האָט זיך באנייט,
און לעבט און אָטעמט פריי !

ביידע —
ווייסע, ברוינע, שווארצע, געלע —
מישט די פארבן אוים צוזאמען !
אלע מענטשן זיינען ברידער,
פון איין טאַטן, פון איין מאמען!..
און איין גאָט האָט זיי באשאפן,
און געגעבן זיי א וועלט,
אלע מענטשן זיינען ברידער,
שותפים צו דער גאַנצער וועלט!..

פון הינטער די קוליסן הערט זיך דאָס געזאנג פון 1־טן ברודער.

1־טער ברודער —
ליבסטע מיין! איך קום צו דיר!
האָסטו דאָרט געבענקט נאָך מיר?
איך האָב א פאנג דיר איצט געבראכט,
א סעודה מאכט מען היינט ביינאכט!..

קומט אָן געקליידעט ווי די פרויען, מיט א יונג קעלבל, קושט זיין פרוי, בעת 2־טע פרוי פירט דאָס קעלבל אין געצעלט.

1 - טער ברודער —

דיינע אויגן, דיינע ליפּלעך, אויף דער וועלט צו רימען!
זיינען ליליען דען און רויזן נישט די שענסטע בלימען?..

1 - טע פרוי —

עס איז געווען א ווייבעלע, א ווייבעלע א קליינס,
האָט עס געהאט א מאַנעלע, א מאַנעלע א פיינס!
און עס האָט דער מאַנעלע דאָס ווייבעלע געקושט,
געקושט, געהאלזט, געצערטלט עס, מיט ליבע טריי דערפרישט!..

אומארמען זיך און טאנצן, פון די קוליסן הערט זיך דאָס געזאנג פון 2־טן ברודער.

2 - טער ברודער —

פאַראַן זיינען לידער, טייל ווייסע ווי שניי
און שיין און באַשמעקט ווי די בלומען אין מאַי,
און ריין ווי דער בלאָלעכער הימל ביינאַכט,
און ווערטער, וואָס זיינען פון געטער געמאַכט...

אויפטריט, אין דער זעלבער צייט קומט די 2־טע פרוי ארויס פון גע־צעלט, לויפט אים אנטקעגן, ער לייגט אָפּ פון זיך די נעץ מיט פיש, וואָס ער האָט געבראַכט, זי וואַרפט זיך אים אין די אָרעמס.

2 - טער ברודער —

האָב איך מיר א ווייבעלע, א ווייבעלע א פּראַכט,
אַרבעט זי א גאנצן טאָג, ליבט מיך יעדע נאַכט...

2 - טע פרוי —

האָב איך מיר א מאַנעלע, א מאַנעלע א פּראַכט,
אַרבעט ער א גאנצן טאָג, און ליבט מיך יעדע נאַכט...

ב יידע ברידער —
ליפּלעך האָסטו רויטינקע, רויטינקע, וואָס נישט?
פרישע, א מחיה זיס, נאָך נישט אויסגעקושט!..

1 - טע פרוי —
כ'האָב קיין שפּיצן, קיין בריליאַנטן, ווייס איך וואָס זיי טויגן,

1 - טער ברודער —
האָסט א העלזל אַן אַלבאַסטער, צוויי בריליאַנטן אויגן!..

2 - טע פרוי —
כ'דאַרף קיין פּערל — זע די ציינדלעך, זאָג, צי זיי געפעלן?

2 - טער ברודער —
דיינע יונגע פרישע ליפּלעך, זיינען מיינע קרעלן!..

נעמען זיך אַרום, טאַנצן, פון אַלע זייטן דערשיינען מלאכים־כאָר, טאַנצן אַרום זיי און זינגען.

מלאכים - כאָר —
נישט דאָרט איז גליק, וואו צירונג בליצט,
וואו איידלשטיין מיט פונקען שפּריצט,
נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס בלאַנקט און גלאַנצט,
נישט דאָס איז פרייד, וואָס לאַכט און טאַנצט!..
ווי גוט איז דאָס לעבן,
די צייט טוט זיך וועבן
איר לאַנגן, איר כשרן פאַדים!..

טאַנצן. פון דער זייט באַווייזט זיך א פויזנדיקע גרויסע שלאַנג, עס ווערט א פּאַניק. כאָר פאַרשווינדט אין שרעק; די צוויי ברידער מיט זייערע פרויען באַהאַלטן זיך אין געצעלט; די שלאַנג קריכט נעענטער צום געצעלט, פויזט אָוועק אין קוליס, פונוואַנען עס דערשיינט באַלד דער שטן.

שטן —

איז א צילינדער, באַהאַנגען מיט גאָלד און בריליאַנטן, קוקט זיך אַרום,

גייט צו ביז צו דער עפענונג פון געצעלט, עס קומט ארויס ווי ער וואלט זיך ארויסגעגאנוועט.

1 - טער ברודער —

באטראכט דעם שטן מיט באוואונדערונג, דער שטן שמייכלט לאקנדיק און לאזט זיך באטאפן און באריר̈ן די שמוק - זאכן:

גאלד! בריליאנטן! פערל! א פראכט!
דאס קאן דאך באלייכטן א פינסטערע נאכט!
עס איז אויף דער וועלט דאך א רייכטום פאראן!
ווען איך האב בריליאנטן, איך ארימער מאן!

אין דער צייט ווען 1-טער ברודער באוואונדערט דעם שטן, באווייזט זיך דער 2-טער ב ר ו ד ע ר און באטראכט מיט שרעק די זשעדנעקייט פון 1-טן.

2 - טער ברודער —

אוי, נארישע קנאה, איך קאן דיך פון לאנג,
איך קאן אויך דיין צינגל — די גיפטיקע שלאנג!
אוי, נארישע קנאה, די גאל איז דיין הארץ,
גאלד, וואס איז? בלאטע! — דער שניי איז דיר שווארץ!..

1 - טער ברודער —

שטער מיר נישט! איך בין פארנומען!
גיי אריין, איך וועל באלד קומען!..

2-טער ברודער אפ.

שטן —

איי, ברודערל, מיינער, וואלסטו נאר געוואלט,
דאן שיטסט דו דיר אן פולע פעסער מיט גאלד!
קרעלן! דיאמאנטן! בריליאנטן א וועלט!
און אלעס, וואס קריגן מען קאן נאר פאר געלט!
איך מאך נישט קיין שפאט, פאראן אזא סוד,
איך קאן דיר אים זאגן און באלד!..

1-טער ברודער —
קרעלן! דיאמאנטן! בריליאַנטן! אַך גאָט!
דו זאָלסט נאָר נישט נארן, און זאגן דעם סוד!..

שטן —
די וועלט איז א שיינע, די וועלט איז א גרויסע,
מען דארף נאָר צו וויסן, ווי לעבן אויף איר;
ווען דו האָסט נאָר שכל, מיט הענט דיינע בלויזע,
קאָנסט מאכן, אז אַלץ זאָל געהערן צו דיר!..

מען דארף נאָר פארשטיין, ווי מיט אלץ זיך באנוצן,
און אוצרות דו זאמלסט אלץ מערער און מער,
דו דארפסט נישט אין לייוונט געצעלט לענגער זיצן,
נאָר קום אויף דער וועלט און דערגרייך דיין באגער!..

שטאָט לייוונט געצעלטן באוואוין דיר פאלאצן,
וואָס אנדערע וועלן שוין בויען פאר דיר,
עס איז גאָרנישט מעגלעך די אוצרות צו שאצן,
וואָס קענען אין קורצן געהערן צו דיר...

1-טער ברודער —
שוין גענוג! איך דארף נישט מער!
איך וויל דערפילן מיין באגער!...
העי!...

רופט אין געצעלט:
קומט ארוים, מיר קענען דאָ מער נישט פארבלייבן!
מיר טאָרן נישט די גליקן פון זיך מער פארטרייבן!..

אַלע דריי קומען אַרויס פון געצעלט, דערשראָקענע, מיט פארוואונדערונג.

אלע דריי —
וואָס איז געשען? וואָס איז געווען?
וואָס דארף דאָ מיט אונז היינט פאסירן?

וואס איז געווען? וואָס איז געשען?
מיר וועלן פון אָרט זיך נישט רירן!..

1־טער ברודער —

געהעצט פון שטן, ווערט אין כעס, זוכט עפּעס, הויבט אויף דראָענדיק אַ שטיק האָלץ:

קומט, זאָג איך, ווייל איך האָב דאָ היינט צו באַפעלן!
און קיינער זאָל נישט וואגן, זיך אנטקעגן שטעלן!..

שטייט אין באַפעלנדיקער פּאָזע, בעת אַלע אין שרעק הויבן אָן ארויס־נעמען פון געצעלט פארשידענע זאכן און וועג אַרייז, וויינענדיקע, די צוויי פרויען פּרואוון נאָך פאלן אויף די קני פאר 1־טן ברודער, ער שטופּט זיי אָפּ, עס דערשיינט מלאָכים ־ כאָר אין שווארצע גאזעס געהילט, טאנ־צן טרויעריקע ביז פינאַל; דער שטן שטייט אין אַ זייט אין רויטן געהילט.

שטן —

כאַ - כאַ - כאַ - כאַ - כאַ!..

—פאָרהאנג—

## בילד 2.

די בינע שטעלט פאר א פאבריק, ארבעטער און ארבעטערנס, צווישן וועלכע עס געפינען זיך דער:

2־טער ברודער און פרוי —

שטייען ביי דער ארבעט.

ארבעטער-כאָר —

שטילער! שטילער! שטיל איין אויגנבליק!
טוריי! טוריי! אָט דאָס הייסט מוזיק!
וואס האָט איר פון די לידער? דריקעניש, נישט מער!
עס ציטערן די ברעמען, אָט - אָט און ס'פאלט א טרער....
און אז טרערן פאלן, פון דער שווערער נויט,

אויף די ווייסע סחורות, ווערט א פלעק אויף טויט!..

— אָרבעטער־כאָר

זינגט „בים״, עס הערט זיך דאָס שלאָגן פון זייגער און דאָס פייפן פון א סירענע.

— אלע

דער זייגער שלאָגט! דער זייגער שלאָגט! גענענדיקט שוין די מי!
אהיים! — ווער נאָר א היים פארמאָגט, אהיים ביז אינדערפרי!
אין בעט אריין, א בעט ווער ס'האָט, נאָר שלאָפן גייט, געדענקט
אָן גאָט!

ווייל שלאָפן דארף די נויט !
שלאָפן איז א פיין געשעפט! מען רוט זיך אויס און טיילמאָל טרעפט,
עס חלומט זיך א ברויט ! . .
דער זייגער שלאָגט! דער זייגער שלאָגט! גענענדיקט שוין די מי...

בעת די אָרבעטער גייען אָפּ, קומען אָריין 1־טער ברודער מיטן שטן

— שטן און 1־טער ברודער

קומט מאָרגן פרי!...

אָרבעטער אָפּ, שטן און 1־טער ברודער בלייבן, 1־טער ברודער קוקט זיך ארום צי קיינער איז נישטא , גייט צוריק, דריקט די האנט פון שטן.

— שטן

נו, זעסטו, דיין ברודער, דאָס איז א פאבריק!
פון קרעלן, בריליאנטן, דיאמאנטן און גליק!
און ס'טרעפט זיך, ער ארבעט, און וואונדערלעך היים
ווערט אים, דער שטערן באדעקט זיך מיט שוויים,
עס טריפן די טראָפּן... ער ווישט מיט דער האנט...
לאָז נישט!.. דער טראָפּן דאָס איז א דיאמאנט!
נאָר ארבעטן היים! קלויב אויף דעם שוויים!
שיטסטו אָן פיל פעסער דיאמאנטן!...

1־טער ברודער —
אַבער רחמנות...

שטן —
אַן סכנות!..
עס טרעפט און אים פאַלט פון די ברעמען אַ טרער,
מיינסטו דו נאַר, עס איז וואַסער, נישט מער,
און טרייסטן, און האַלזן, דו האַלטסט עס נישט אויס,
און קושסט אים די טרערן פון די אויגן אַרויס...
פאַרשווענדסט דיין פאַרמעגן, דו נאַרישער קאָפּ!
לאָז וויינען, לאָז טריפן, דו קלויב יעדן טראָפּ!
ווייל אַ טרער, האָב פאַרשטאַנד, דאָס איז אַ בריליאַנט,
רייך קאָנסטו זיין ווי אַ קעניג!..

1־טער ברודער —
אַבער רחמנות?!

שטן —
אַן סכנות!..
דערנאָך האָט דיין ברודער אַן איידעלע פעל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל, — דו האָסט שוין אַ קרעל,
בלוט זאָגסטו איז עס, בלוט זאגסטו אַ קאַפּ,
דו נאַר, עס איז קרעלן! דו צאַפּ נאָר און צאַפּ!
זאָל ער נאָר בלוטן און בלוטן נישט קאַרג,
אָנשיטן וועסטו שוין קרעלן אַ באַרג!

1־טער ברודער —
אַבער... מיין ברודער...

שטן —
דיין ברודער? איך וויים! נאָר טרערן און שוויים
הערסטו דאָך, זיינען בריליאַנטן!..

דו האָסט א פאבריק, טאָ מאַך דיר דיין גליק!
דו ווייסט שוין אליין, וואס צו טון!...

דורך די שמאָלע קראטן - פענסטער הויבט שוין אָן ארייננקומען די גרויע:
מארגן - ליכט, 1־טער ברודער לעשט אוים די לאמפן, עס ווערט ליב־
טיקער, עס קומען אריין 2־טער ברודער און פרוי, ערשטער ברודער קוקט
זיי ביין אָן.

1 - טער ברודער —
עס איז שוין גרויסער טאָג! וואס קומט איר אזוי שפעט?
אויב איר ווילט זיך פוילן, פאקטזשע זיך און גייט!..

2 - טער ברודער —
ברודער מיין! איך דערקען דיך נישט?!

1 - טער ברודער —
קאָנסט זיך גיין! איך דארף דיך נישט!..

2 - טע פרוי —
דערבארמען! וואס וועלן מיר איצט טוען?

1 - טער ברודער —
די מאשינען זיי טאָרן נישט רוען!..

עס קומען ארבעטער און אַרבעטערנס, שטעלן זיך צו דער ארבעט; 1־טער
ברודער ווייזט שטרענג צו 2־טן ברודער און פרוי זיי זאלן זיך שטעלן
ארבעטן און צוזאמען מיטן שטן שטייט ער און קוקט צו.

אַרבעטער־כאָר —
שטילער! שטילער! שטילער! און אז. וו. ביז ווערט א פלעק
אויף טויט.

שטן —
כאַ־כאַ! כאַ־כאַ! כאַ!..

——פאָרהאנג——

## אינהאַלט פאַרצייכעניש: